# טײַסע-שאפּ

פון אהרן ראפאפארט



# אַ טאָג באַ אונדז

א

## פרימאָרגנרויט.

פרימאָרגנרויט;
זון קומט מיט רויטע טריט,
טײַטלט רויט —
קומט מיט מיר,
זינגט מיט מיר.

דערוואַכונג רוישט;
בלויִלעכע בײַטשן — דער רוף,
בײַטשן די לופט.
אַרבעט מאָנט,
אַרבעט רופט —
זון עפנט די וועלט.

ב

פרימאָרגן אײַלן זיך די מענטשן אַזוי,
ווי עס וואָלט זיי ווער נאָכגעיאָגט,
און מיט דעם שאַרף פון שווערד זיך פאַרמאָסטן אויף זיי;
לויפן זיי אַזוי פון אומרו געיאָגט,
ווי עס וואָלט דער געלויף צו רו וואו געפירט.

ג

גאַסן, הייזער, — פענצטער־בליאַסק,
פון יעדן פענצטער אַ ליד;
אייזערנע ענערגיע ווערט ניט מיד —
זינגען די מאַשינען אויס
דאָס אייזערנע ליד.

קלאַנגען געפּאַנצערטע
שפּרייען אייזערנע הענט,
שפּליטערן שוואַרץ־האָגלדיק,
אָן שטיינערנע ווענט.
און זון זידט מיט גאָלד אַראָפּ,
גילדט־גינגאָלדיק און בלענדט;
לויב צו דער אַרבעטערשאַפט,
לויב צו די הענט.
און אין געבראַזג פון מאַשינען,
געפּאַנצערטן קלאַנג,
בויערט זיך גוואורע פון אייזן געזאַנג;
בויערט זיך, בויערט — בויערט און רופט,
בויערט זיך, בויערט — שרויפט זיך אין דער לופט;
גורטן, גורטן, גוואורע גורטן,
גורטן, גורטן גאָרער גרויע ערד.

ד

מיטאָג—שאָ:
געגאַרטע, מיטאָג־שאָ.
מאַשינען ציען אין זיך אַריין דעם אָטעם,
שטאַרן און שטומען מיט פאַרשטיקטער גוואורע.
מיטאָג־שאָ.
געגאַרטע מיטאָג־שאָ.

אַלע טירן צעפּראַלטע,
מענטשן פון טירן אין טירן;
וויר־וואַר, הונגער יאָגט.
מעסער־גאָפּל־קלאַנג;
שפּייזן־גערוך, פליגלט אויף די נאָזלעכער.
ציינער מאַלן, קרישלען די לופט מיט דעם עסן.
און דאָ און דאָרט, אויף פענצטער,
מיידלעך — פייגלען אין דער הויך —
לאַכן, קוויטשען, מאַכן מיט די הענט ווי אָוועקצופליען...
מיטאָג־שאָ.
געגאַרטע מיטאָג־שאָ.

ה

## פאַרנאַכטן–גאָלד.

פאַרנאַכטן־גאָלד.
זון וואָס מאָלט,
פאַרנאַכט אין גאָלד —
באַנגער־באַנג.
פלאַם וואָס פלאַמט,
בראַנדן־בראַנדט,
האַנט אין האַנט מיט אונטערגאַנג;
טוט באַנג אַ טאָג,
טוט באַ—נ—ג...

ו

# ווענט.

שטאַרנדיקע שטומע ווענט.
שטאַרן אין בראַנדיקער נאַכט;
גלאָצן מיט פֿינצטערן פּאַכעד — פֿענצטער.
הימל אויבן,
ווי איבער אַ טיפֿן ברונעם —
ווענט.
שטאַרנדיקע שטומע ווענט.
אַריינגעגעביסענע אין מוילקער ערד,
שטאַרן און גאַרן צו מאַמע־פֿעלז;
דער אומעט — אַן איינזאַמער הונט,
שלייכט אַ גרויער,
מיט גרויע טריט איבער די טויבע גאַסן.

נ. י. 1923

# מאָוזעס׳ קעניגרייך

א

**ס׳איז אַ שאָפּ אַזאַ.**

מאַכט מען דאָרטן ליאַלקעס. קעצעלעך און הינטעלעך. מיידעלעך און אינגעלעך. און אַפילו מאַלפּעס.

די כאַיע־כאַיעלעך — פון האָריקע געוואַנטן. די מענטשעלעך — פון לייוונטן און זיידנס. און פון גיפּס די טיילן וואָס מען שעמט זיך ניט צו ווייזן. און מען שטאָפּט דאָס אָן מיט קלאָטשעס. אַלע, אַלע לויט דעם פורעם פון דעם וואָס שניידט צו. פון דעם וואָס שניידט.

רוישן, רוישט דער שאָפּ לויט דעם געמיט. אַמאָל צעוואָרקען זיך מאַשינען, ווי טויבן אונטער אַ דאַך און אַמאָל צעוואָרטשען זיי זיך ווי הינט אונטער אַ טויער. און צומאָל מורמלען זיי, ווי אינגעווײדן פון אַ שיף.

אַז פרייד פון אַרבעט צערעדלט זיך אין גאַנג, שפּילט דער שאָפּ ווי אויף נאָטן. די מאַשינען שטעפּן, שטאָך אין שטאָך און פאַרשטילן מיט אַמאָל ווי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם — שפּאַרט אָן די שטילעניש אויף אַ רעגע, צוויי, ווי אָט אַ דונער... קעפּ גיבן זיך אַ בויג ווי אין סאַקאָנע, לייוונטן — אַ פלאַטער צו די מאַשינען, און... גאָרניט איז פאַרלאָפן — עס גייען מאַשינען.

ב

**געזאַנגען** אין שאָפּ — ווי עס רעדלט זיך...

פרימאָרגן, פריילעך און אָפּטער. פאַרנאַכטן — אומעטיק און ווען ניט ווען.

אַמאָל פֿאַרטראַגט אַ געזאַנג אויף די סטעפּעס פֿון אוקריינע. אומעטיק איז דאָרט און פֿריילעך — אַזאַ פֿרייד אין צאַר, אַזאַ נאָגנ־דיקער אומעט אין שפּרודלדיקער פֿרייד.

צומאָל פֿאַרטראַגט אַ געזאַנג אין דער זוניקער איטאַליע; עס זינגט ניט דאָס געזאַנג — עס זידט, ווי זון פֿון הימל. און הייסע יונגען שווינגען קאָסעס, שניידן היי. די שפּרינגערלעך אַפֿילע אין גראָז זידן געזאַנגען. אַזאַ וואַרעמקייט. אַזאַ פֿרייד.

און צעזינגט זיך אַ מיידל כאַסידיש, צעזינגט זיך שאַפּ מיט איר; די איטאַליענערנס אַפֿילע קאָנען שוין די ניגונים, און עס זינגט דער שאָפּ, אַ צערעדלטער, כאַסידיש; רעדל־ראָד. רעדל־ראָד. — אין האַרצן ברענט אַ פֿייער...

דער נעגער בלייבט שטיין מיט דעם בעזים אין האַנט און לאָזט אויף זיך פֿליסן די ניגונים ווי אַ רעגן. דאָס מויל צעעפֿנט זיך אים — אַ געהעניםס פֿלאַמט אין זיין מויל... די אויגן פֿאַרגלאָזן זיך, ווי ער וואָלט קוקן אין זיך אַרונטער, וואו עס זידט, צעזונגען און צעצונדן, אַ פֿלאַקערדיקער טאַנץ... און אַז מ׳ענדיקט דאָס ליד, כאַפּט ער אָפּ דעם אָטעם און דרייט זיין באַוואָלטן קאָפּ פֿאַר טיינעג:

— לאָרדי־לאָרד...

עס זינגט דער שאָפּ. עס זינגט אינטערנאַציאָנאַל. און די רעדער דרייען, דרייען, פֿאַרדרייען דאָס געזאַנג פֿון פֿעלקער; מיט קלאַנג פֿון מאַשין. מיט ליכטיקן טאָג —

עס גייען מאַשינען.

ג

דער נעגער אין שאָפּ, איז דער בען־יאָכיד פֿון שאָפּ. אויסזען, זעט ער אויס, ווי געגאָסן פֿון טשוגון, דאָך סענסיטיוו — ניט ריר מיך אָן... ס׳איז גענוג אַ ווינק טאָן מיט אַ פֿינגער צו זיין אָרעם; צעלאַכט ער זיך, אַזש פֿונקען שפּריצן — לאָרדי־לאָרד...

שוואַרץ איז ער — נאַכט. און זען, זעט ער ליכטיקן טאָג וואָס דרינגט אין אים, זינגט אין אים — זון. און כיעסט אַ כיעסל — ניט

אויסצוהאַלטן... איז גוט וואָס מ׳קאָן אַ פלאַטער טאָן מיטן בעזים, אַ טענצל טאָן, אויסצוטענצלען די פרייד וואָס העלט אַזוי און קוועלט — ניט אויסצוהאַלטן...

אַלע רופן זיי צו אים. ווערט אַ מיידל דאַרשטיק ביי דער מאַשין, רופט זי אויס:

— מאָוזעס, וואָסער!

צעהעלט זיך אים האַרץ־שאַל אין אויער, — וואָ—סער...

און שנירלט זיך אַ קאָל צו אים פון אַ מיידל:

— מאָוזעס, אויל!

צעפידלט זיך אים אין אויער, — אוי־ל־ל־ל... און ער, אַ צע־פידלטער, טענצלדיק, טראָגט עס צו.

און אַז עס צעברומט זיך אַ קאָל צו אים, אַ באַס:

— מאָוזעס!

לאָזט ער אַרונטער דעם קאָפּ, פּאָלגט נאָך זיין נאָז, נאָכן קאָל. און זיין עק דער אָפּגעזעסענער, שאָטנט זיך, שלענגלט זיך אים נאָך:

— וואָס, באַלעבאָס?

און טרעפט, אַז מ׳ווענדט זיך צו אים עטלעכע מיטאַמאָל; הערט ער זיין נאָמען פון אַלע זייטן רופן, בלייבט ער שטיין מיט דעם בעזים אין האַנט, ווייס ניט צו וועמען פריער זיך צו קערן: אַ קעניגרייך אַ גאַנצע — אַלע ווענדן זיך צו אים. קעניג מאָוזעס׳ קעניגרייך... און גאָט זאָל זיי העלפן, די מענטשן. אַז דאַרשטיק זיינען זיי. הונגע־ריק זיינען זיי און פאַרשפּאַרט זיינען זיי, —

ווענט. ווענט...

— * —

רופן, דאַרף מען אים רופן, ווי אין ביבל שטייט — מאָועזס. און רופט אים אַ מיידל מיט אַ ביי־נאָמען, ענטפערט ער ניט. קוקט זיך אַפילו ניט אום. קריגט שוין דאָס מיידל כאַראָטע; —מאָוזעס טייערער... מאָוזעס טייערער...

קומט ער צו. בויגט זיך אָן סטאַטואיש, שווייגט אַווילע און פאַרפלאָנטערט אַ לאָשן פון צעהיצטע רייד, וואָס בליצן און בליאַסקען דעם מיידל אין פּאָנים:

— מיין, מיין, מיין נאָמען — זאָלסטו וויסן: איז מיר ניט געגעבן געוואָרן — ווי רופסטו דאָס: פּאַר מיין, מיין, מיין — שיינער מאַראַכע... און רופן זאָלסטו מיך, ווי־ווי־ווי —

און ווער ווייסט, ווען ער וואָלט זיך דאָ אַרויסגעפּלאָנטערט פון די צעהיצטע רייד וועגן נאָמען, ווען דאָס מיידל וואָלט אים ניט איבערגעשלאָגן מיט אַ גלעט איבער זיין באַוואָלטן קאָפּ, אַזוי אַז ער בייט זיך אינגאַנצן איבער — פון דער הויט צו שפּרינגען; די נאָזלעכער גיבן זיך אים אַ צעברייטער, גיט אַ ווייז צווי שורעס בליאַסקענדיקע ציין און די ווייסלעך פון די אויגן פאַרגייען זיך אים אין רויט, ווי באַ אַ צעהיצט פערדל... און דאָס מאָל, ווען ער דרייט דעם קאָפּ פּאַר טיינעג, פאַרמאַכט ער אויך די אויגן.

— לאָרדי־לאָרד —

— * —

יעדע אָפּטיילונג אין שאָפּ האָט באַ אים אַ באַזונדערן צונאָמען. וואו מען אַרבעט מיט דער קלאָטשע, לעמאָשל, רופט ער: גרויע טייוולס נאָרע... אַז אַלץ איז גרוי דאָרטן, אומעטיק און גרוי. באַוואָלט מיט דער קלאָטשע: בלינדע פענצטער, גרויע ווענט, און די מענטשן באַוואָלטע ווי די שאָף. זיצן אַרום אַ טיש, איבער אַ באַרג קלאָטשע און שטאָפּן אָן די ליאַלקעס מיט דעם. לעמפּעלעך טוקן זיך און ווינקען — מענטשן, ליאַלקעס, קלאָטשע — אומעטיק און גרוי.

און אַז עס צעוויגט זיך אָט־דער־אָ, מיט זיין ניגן, דאַכט זיך, ווי קומט אַ באַוואָלטער צו געזאַנג? נאָר אַז מען קוקט זיך צו — דאָס לעמפּעלע ווינקט, דערזעט מען: אַ הויכן שטערן, אַ זיידן בערדעלע און אַ פּאָנים וואָס איז דורכזיכטיק ווי גייסט: וויגט צעוויגט זיך אין אַ ניגן — אָמאַר... אָמאַר... ס'איז ניט קיין זינגען באַ אים. עס איז מער אַ בוידערן אין זיך, אַ מין ווענדן זיך צו די גרונטן — אָמאַר... אָמאַר...

און דער מיט דער פייערדיקער באָרד פרעגט אים מיט די רויטע אויגן פון אונטערן דאַשעק: וואָס אָמאַר? וואָס איז דאָ צו זאָגן? — קלאָטשע...

אַז מאָזעס כאַפּט זיך אַריין אַהין, זינגט ער אויך צומאָל. וויכערט אַרום מיט דעם בעזים, אַזאַ שוואַרצער אין גרוי, וואַרפט מיט ווייסלען

פון די אויגן און ניט ער זינגט — ער שטורעמט. בלאָזט אָן די באַקן און שטורעמט, באַס. ווי פון אַ הייל אַרויס:

גאָו דאַן מאָוזעס טו אידזשיפּט לענד,

טעל אָלד פאַראָ, לעט מיי פּיפּל גאָו. ..

דער מיט דעם הויכן שטערן גיט אויף אים זייטיק אַ קוק און בויערט זיך ווייטער זיין ניגן — אָמאַר... אָמאַר...

און דער מיט דער פייערדיקער באָרד רופט זיך אָפּ:

— דאַכט זיך, אַ גאַי גאָמער... און עפּעס, עפּעס...

וואָס עפּעס, ווייס ער ניט. דערביי דרייט ער די שפּיץ באָרד מיט די פינגער, און עס בלייבט אים היינגען, שפּיץ פאַרדרייט, ווי אַ פייערדיקע פראַגע אויפן האַרצן — עפּעס, עפּעס...

— * —

איין ליכטיקער ווינקל איז דאָ אין שאַפּ. מאָוזעסן ווערט דאָרט אי פריילעך, אי אומעטיק; פריילעך, צו דזשיגן דזשעס. אומעטיק, ביז צום פאַרגיין.

ווייס איז דאָרטן, ווייס און בלוי, און זוניק צום פאַרבלענדן: ליאַלקעס, מאַמע־ליאַלקעס — מיידלעך. אין רייען, אין בונטן — בלומען.

הוילינקע נעמט מען זיי אַרויס די ליאַלקעס — מיט בייכעלעך, פיסעלעך און הענטעלעך און אויגעלעך, וואָס פינטלען אין פּענימלעך, ווי עפּל וואָס וואַקסן אויף דיביימער, און אַ קוויטשקעלע האָבן זיי — מאַמע, מאַמע...

מאָוזעס בלייבט שטיין מיט דעם בעזים אין האַנט. אַ שוואַרצער אַזאַ אַ קאָלאָס. ווי אַ סטאַטוע אין אַ גאָרטן בלומען און קוקט: מיידלעך, ליאַלקעס — מאַמע־ליאַלקעס. טוען זיי אָן אין קליידעלעך. פאַרקעמען זיי די הערעלעך. צעלייגן זיי אין קעסטעלעך און דעקן איין מיט פּאַפּיר. און זינגען דערביי ווי פויגל־פייגלען. אַלע אַזעלכע יונגינקע, מיט צעלאָזטע האָר אויף די שולטערן, פאַרבונדן אויפן שטערן מיט אַ בענדעלע — ליכטיקן, צייטיקן; ליאַלקעס. מאַמע־ליאַלקעס — בלומען.

ווערט אַזוי אומעטיק דערפאַר; ווייסן נעבעך ניט — שפּילן מאַמע...

אַפילע אַט־די־אַ, מיט די גרינע אויגן, וואָס וויכערט דאָ אַרום און ראַק דאָס האָט טיינעס; אַפילע זי, פאַרגעסט זיך אויך צומאָל און שפּילט — מאַמע...

ד

**מיטאָג־צייט.** צייט פון רו.

גיט אַ בריזג דער גלאָק פון שאַפּ ווי מיט פונקען. גערויש פון די מאַשינען ווערט ווי אָפּגעהאַקט מיט אַ שווערד און די מענטשן גיבן זיך אַלאָז) צו די טירן, ווי פון אַן אומגליק.

די ביינקלעך בלייבן צעשאַרטע הינטער זיי, און די ניט פאַר־ענדיקטע אַרבעט אויף די טישן, ווי צעפליקטע שטיקער לייוונטן — אַ קורבן...

ס'פאַרשטילט נאָך אַלץ ניט דער שאַפּ. אַנדערע פון די ליאַלקע־מאַמעלעך, צעטענצלען זיך ביים אַרונטערנעמען די פאַרטעכלעך און טרייבן נאָך צומאָל קאַטאָוועס מיט מאָוזעסן; טראָגן אים אונטער אַ מאַלפּעלע־ליאַלקע, — אָט האָסטו דיר, מאָוזעס... צעזשאַרעט אין אים האַלעוועשקע. מאַלפּעס האָט ער פיינט...

אָבער אַז זיי צעשפּרינגען זיך, צעקלינגען זיך, פלאַטערן אויף אים מיט די ווייסע פאַרטעכלעך — צעדזשיגן זיך זיינע פּיס, ווי פון זיך אַליין:

— אַ איר זינגערקעס. איר טאַנץ־ליאַלקעס. איר זילבער־גלעק־קעלעך — הוליאַליאַ — הוליאַליאַ — אין סקול אַריין! (טרייבט זיי קלוימערשט מיט דעם בעזים) אין סקול אַריין!

און ווען זיי צעלויפן זיך, הילכנדיק, טאַנצנדיק, זילבערט זיך נאָך אַלץ זייער געלעכטער אין שאַפּ.

מאָוזעסן ווערט אומעטיק. צי פון דעם, וואָס מען נוצט אויס זייער מאַמעשקייט פאַר ליאַלקעלעך... צי אויף זיין שוואַרצער הויט וואָס איז שוואַרץ ווי דאָס לעבן דאָ. אָבער רויט איז דאָך זיין האַרץ, רויט ווי די זון אין איר אויפגאַנג.

— * —

שטיל אין שאָפּ. שטיל ווי אויף כורוועס.

אַנדערע פאַרביינקטע זיצן אין די פענצטער, קוקן אַרויס...
איינע אַזאַ ליכטיקע, ליגט אויסגעצויגן זייטיק אויף אַ טיש, דעם קאָפּ מיט דער האַנט אונטערגעשפּאַרט און קוקט. מאָוזעס קריכט אַרום צווישן די טישן און קערט מיט דעם בעזים פון אונטער די מאַשינען; געפינט אַ מיידלש פאַרטעכל, גיט ער פאַרגאַנוועטערהייט אַ שמעק... און לייגט עס אַוועק אויפן טיש. דערזעט ער ווי דאָס מיידל קוקט אויף אים, ליגט ווי אַן אויסגעמאָלענע און קוקט. פאַרשעמט ער זיך און דרייט זיך מיט דעם בעזים.

איר מינענדיקע ווייסקייט פלאַטערט איבער אים, און ער קערט און קערט, דרייט זיך, פאַרדרייט זיך מיט דעם בעזים.

זון דרינגט דורך די שויבן, ווינקט; זי, אויפן טיש אַזאַ ווייסע, ווי אַ כוואַליע אויסגעבויגן — ווייס און דורכזיכטיק ווי אַ כוואַליע: דערפילט זון אויף זיך — זון.

פאַרוואָרפט זיך איר הינטערווילעכטס דער קאָפּ און זילבערדיק זילבערן זיך אירע בליקן — זון אויף איר זון...

עס צעעפנט זיך איר דאָס מויל, די ציינער גיבן זיך אַ פאַר־מעסט ווי אַ קריץ צו טאָן, — זו—ן...

אַזאַ געשמאַק מויל, אָנגעפילט ווי מיט ווייַן, — קום און טרינק... דערלייז! — לייב. דורכזיכטיק לייב, צעזונגען און צעצונדן, מיט זון, וואָס זינגט, צעצינדט, — זון. זו—ן...

ה

פּאַרנאַכטן איז אומעטיק, גרוי און אומעטיק.

מעג נאָך זון זינגען אין די פענצטער, זעען די אויגן נעפּל. מעגן ווי רוישן די מאַשינען, פּויקט אַ טויבקייט אין די אויערן: מענטשן. ליאַלקעס — בלומען אין הערבסט און יעלאָלען, — מאַמע...

דאָס לעבן טריפט בוימלדיק אין רעגעס, צינדט זיך, פלעמלט פאַר די אויגן.

די טעג, אָנגעפּויזט מיט שאָען, און דאָס לעבן ווערט ניט פול.

# דאָס זײַדענע העמד

(מלכה'ן)

א

אַ יאָנטעף היינט אין שאָפּ.

מאַרי האָט כאַסענע די וואָך. זינגט דער שאָפּ אָפּשייד מאַרי'ן; עס פלאַטערן סטיינגעס פון די לאָמפּן. עס פלאַטערן סטיינגעס פון סופיט. און פון אַלע ווינקלען ציען זיך סטיינגעס פאַרבונדן אין אַ בונט איבער מאַרי'ס קאָפּ.

און קלוג זיינען די מאַשינען. דערפילן דעם יאָנטעף, פון האַנט און פוס באַריר; שאַרן דעם זיידנס און בלאַנקען מיט נאָדלען — מורמלען געזאַנג צו מאַרי.

און נאָכן זיידנס, וואָס ציט זיך ווי שטראָם פון פאַרבן, ציען זיך די הענט און בליען אויפן זייד — געזאַנג פון פאַרבן צו מאַרי.

און די שולטערן וואָס דרייען זיך, די פּענימער וואָס מינען זיך, און די אויגן וואָס פינקלען — דאָס אַלץ איז דאָך כאָר־געזאַנג; צעוויגן ווערט זיך באַלד אין קלאַנגען, ביים ווײַן, צום אָפּשייד פון מאַרי.

און די נעגערן ביים פּרעסער־טיש, שמעקט מיט שאָקאָלאַד; דרייט און דרייט די שולטערן, זשאָנגלירט מיט די ברוסטן — פּרעסט די העמדער און פלעמלט מיט דעם צונג; מאַרי האָט כאַסענע די וואָך.

און מאַרי אַליין, קוקט אויס ווי פון אַ געמאָלן בילד אַראָפּ; איר פּאָנים לויכט. די ברעמען כאַלעמען — וואַרפן שאָטנס אויף אירע לאַנגלעכע באַקן, האַלב רונד, און פון די מויל־ווינקלען העלט, ווי מיט אַ שמייכל פון כאַלעם — יאָנטעף.

זי נייט אַ העמד, און נאָכן בלויען זייד ציען זיך אירע הענט ווי אין כאַלעם. די נאָדל בלאַנקט שטעפּנדיק אַ שטעגעלע פון בלויע שטעך, אויפן בלויען זיידנס.

זי זעט אַ גרין געהאַפּט צווייגעלע אויפן העמד, און עס שמעקט ווי אַ לעבעדיקס...

עס זידט דער זייד אין אירע פינגער, און עס זינגט זייד אין האַרצן; זי האָט גאָרניט געזען, ווי שיין זיינען די העמדער וואָס זי נייט...

אירע ברעמען כאַלעמען און זי זעט: אַ ווייס בעט, זי אין אַזאַ העמד — איר דאָמעניקאָ געגענט...

ער גיט אַ פיר די האַנט, — זייד.

ער נעמט אַרום און עס זידט, — זייד.

און זי האָט ניט אַזאַ זיידן העמד.. . יאָרן אַז זי נייט זיי און זי האָט ניט אַזאַ העמד!

עס גיט איר אַ פלעמל אַ צונטער אין פּאָנים; איז פאַרוואָס זאָל זי ניט האָבן אַזאַ העמד...

זי וואַרפט אַ בליצן־בליק איבערן שאַפּ, און עס גיט זיך אַ מיניע דער שאָפּ פאַר אירע אויגן, ווי אין אַ צעשפּליטערט שפּיגל...

ב

אַז דאָמעניקאָ איז צוועלף אַזייגער אין שאָפּ געקומען, איז ער באַשניים געוואָרן מיט אַ גרין־בלויען־ווייסן שניי, — קאָנפעטי. און ער פינטלט, פינטלט מיט די ברענענדיקע אויגן, זוכט צווישן די מיידלעך זיין מאַרי.

ערשט, זיין מאַרי ווערט געטראָגן אין אַ קאָשיק... אויף אַ צענדליק הענט איבער קעפּ; איר לאַנגלעך פּאָנים העלט אַרויס, די ברעמען כאַלעמען, און ווערט געטראָגן ווי אין אַ כאָלעם איבער קעפּ... דאָמעניקאָס קאָפּ גיט אַ נויג, די האַנט אַ וואָרף ווי צו ציי־לעמען זיך, — כאַפּט ער זיך אַז מען קוקט... בלייבט ער שטיין מיט דער האַנט פאַרגליווערט, ווי אַ סטאַטוע אין אַ קעסטלדיקן אַנצוג, און זיין האַרץ, פילט מען, זשאַרעט, ווי זיין ראַשיקער קראַוואַט, וואָס ער טראָגט.

די מיידלעך פאַרהילכן דעם שאַפּ, פון דעם איינפאַל מיט דעם קאָשיק און די וואָס טראָגן זי זינגען:

„היר קאָומס די בראַיד,

היר קאָומס די בראַיד“

און מען טראָגט זי צו: — אַט האָסטו דיר דיין מאַרי.

ער כאַפּט זי אַרויס פון קאָשיק, און זי פאַלט צו ווי פאַרכאַלעשט צו זיין האַרץ; ווי זי וואָלט זאָגן, — דאָמעניקאָ... דאָמעניקאָ... האָב איך דאָ געליטן!

און ער פירט אום די האַנט איבער אירע רונדע שולטערן — פאַר־גלעט דעם צאַר, און וויפל טרייסט ער פאַרשוויגט: — זאָרג ניט מיידל, זאָרג ניט מיידל.

די נעגערן גיט אַ פלעמל מיט דעם צונג, און פינטלט מיט די שוואַרצלען אין די ווייסלען און ווישט זיך מיט דעם פאַרטעכל די אויגן:

— זיי געבענטשט, מיידל, זיי געבענטשט.

די מיידלעך ווערן פאַר אַ ווײַלע ווי געפּלעפּט און ווער פון זיי הויבט אַ קאָל, — צעהילכט די שטילקייט:

— „די בוירדס אַר סינגינג, פאָר מי ענד מאַי גוירל“... און עס באַגלייט אַ כאָר: — די פייגל זינגען...

אַ יונגער סיציליאַנער כאַפּט אַרויס אַ מויל־האַרמאָניקע און צעשפּילט זיך פון פולן מויל:

די פייגל זינגען פאַר מיר און מיין מיידל.

דער מאָרגן ליכטיקט פאַר מיר און מיין מיידל.

און אַזוי זינגענדיק פאַרמירט זיך פון מיידלעך אַן אַליי, פאַר־דעכלט מיט הענט. מאַרי און דאָמעניקאָ גייען דורך; קומען צו אַ טיש געגרייט מיט טאָרטן און מיט ווין: ווערן שוין די גלעזלעך ווי די ליפּן רויט און קלינגען צום טאַקט:

— גליק דיר, מאַרי.

— גליק דיר, דאָמעניקאָ.

מאַרי רויטלט זיך און לויכט מיט יאַנטעף, מיט דעם ליכט פון אירע שוואַרצע אויגן: — גליק, אייך מיידלעך, גליק אייך מיידלעך.

— גליק, דער גאַנצער וועלט.

און דער ליסער שטערן האָט דאָ אויך ניט אויסגעפעלט, וואָס

ווייסלט זיך איבער די מיידלשע קעפּ, ווי אַ האַלבע לעוואָנע; — גליק, אייך ביידן. גליק, אייך ביידן.

האָט מען זיך צעוואַרעמט מיט דעם ווייַן, אין ווינטשעניש דער פּאָר, און מען פאַרבייסט מיט טאָרטן, ווינטשנדיק איינע די אַנדערע:

— און ווער איז נעקסט? רופט ווער אויס.

— איך! — הילכט אַ מיידל און שפּרינגט אין קאָשיק... (אַלס אַ סגולע צו ווערן אַ קאַלע...) הויבט מען זי איבער די קעפּ; לייגן שוין צו די מענער אַ האַנט און עס הויבט זיך אָן אַ הויבעניש מיט מיידלעך; איינס נאָך איינס איבער די קעפּ, און זיי קוויטשען פון קאָשיק, ווי געגנדזעלעך, — ווילן נעבעך ניט...

דאָ קען שוין די נעגערן ניט אויסהאַלטן. ווישט אַפילו ניט אָפּ די ליפּן פון דעם איינגעמאַכטס, מיט וואָס זי האָט דעם ווייַן פאַרביסן, כאַפּט אַ מענערשן הוט און שפּרינגט אין קאָשיק... הויבט מען זי איבער די קעפּ. און זי מיט דעם הוט אויפן קאָפּ, מיט דעם איינגעמאַכטס אויף די ליפּן, קוקט ביסטרע מיט די אויגן און מאַכט אום מיט די הענט, ווי צו פליען — „די בלעק בוירד", „די בלעק בוירד"... די שוואַרצע פויגל, וויל הייסט דאָס אויך... הויבט מען זי אַוואַדע אַ פּאָר איבעריקע מאָל איבער די קעפּ... און עס הילכט דער שאַפּ:

— „די בלעק בוירד". „די בלעק בוירד"...

פון דעם געהילך דערהערט זיך אַ „דזשעסי־דזשיג" אויסשפּילן אויף דער מויל־האַרמאָניקע; איז ווי די נעגערן האָט דאָס דערהערט, גיט זי אַ שפּרונג פון קאָשיק, און... דאַכט זיך אַזוי באַשיידן אַלעמאָל אין שאַפּ, און היינט איז פון איר ניט אויסצעהאַלטן... עס פאַרמירט זיך אַ ראָד; אַנטבלויזטע אָרעמס אַרבעטן מיט די דלאָניעס, און זי פלאַקערט אַ טאַנץ: ניט קיין טאַנץ — טענץ... דאָ „שימיט" זי אַ העמד־טאַנץ, זשאָנגלירט מיט יעדן אייווער, און דאָ צעבאַמבלט זי פיס און הענט, ווי הייגנענדיק אויף אַ טליע...

קאַנגאַ האָט זיך צעטאַנצט און סיציליע פליעסקעט אונטער... פלאַקער־טאַנץ. פלאַקער־טענץ — וואַרפט מיט הינטן און מיט פיס — שליידערט מיט די בריסטן; קאַנגאַ האָט זיך צעטאַנצט און סיציליע פליעסקעט אונטער — סאַם, פון צאַר. פלאַם, פון לעבן. אויסטאַנצן דעם שוואַרציאַר, וואָס פאַרפינצטערט דאָ דאָס לעבן.

און מען דרייט די ראָד, און מען דרייט די ראָד, טאַנצנדיק אַ האָפּקע...

ציט מען אַריין כאָסן־קאַלע אין ראָד. דרייט זיך די ראָד ווי אין כאַלעם; די קאַלע האַלט אַרונטערגעלאָזט די ברעמען, און טאַנצט אַ מין מאַדאָנע־טאַנץ — פרומען טאַנץ, און עס פאַרגייט, פאַרשווינדט ווי אַ וואַסערל — אַ כאַלעם.

מען דערלאַנגט דער קאַלע בלומען אַ מאַטאָנע — זי שמעקט. איר לאַנגלעך פּאָנעם מיט די כאַלעמדיקע ברעמען, וואַקסט ווי פון די בלומען אַרויס — מיידלעך... מיידלעך...

זי גיט אַ הויב דעם קאָפּ, וואַרפט אַ בליק צו דער מאַשין... דער בונט סטייננעס פלאַטערט פון סופיט, ווי אַ גאַרב אַ קאַלירטער און עס גיט איר ווי אַ צי צו דער מאַשין... אַ פינגער פון דער זון טייטלט, די סטייננעס דרייען זיך — יאָרן מיידלש־לעבן... לעבע־דיק לעבן...

זי פאַרבאָרגט איר פּאָנעם אין די בלומען, דאָס רונדע קעפּל שוואַרצט זיך אַרויס, די אַקסלען צוקן — יאָרן לעבן... שפּרודלדיק לעבן...

די נעגערן פלעמלט שוין ווידער מיט דעם צונג און ווישט זיך מיט דעם פאַרטעכל די אויגן:

—וויין ניט מיידל; דו וועסט זען, ווי דיר וועט שוין גוט זיין, מיידל.

און אַזוי אַ, מיט דעם פּאָנים אין די בלומען, באַגלייט מען זי אַרויס פון שאַפּ, אין גאַס אַרויס — אין אַ ביי־לעבן אַריין.

— וויין ניט מיידל, דו וועסט זען, ווי דיר וועט שוין גוט זיין מיידל.

— * —

שטיל ווערט אין שאַפּ, שטיל ווי אויף כורוועס.

די נעגערן בלייבט מיטאָגן אין שאַפּ, און עס וואַקסט איר דער ביסן אין מויל — אומעטיק...

די קאַלע איז אַוועק און צוגענומען די פרייד פונם אַוועקגיין... געלאָזן דעם אומעט פון זיין דאָ... זי וואַרפט אַ בליק איבערן שאַפּ

— אַזויפיל זיידנס, איבער די טישן, אין די קוישן — טויטע פאַרבן !...
אומעטיק !...

אין דער „סאָוט" געדיינקט זי, האָט מען אויסגעריכט אַ קאַלע פון לאַנד, איז גאָרניט געוואָרן אַזוי אומעטיק... ביימער זיינען געבליבן, בלומען זיינען געבליבן, פייגל האָבן אַרומגעפלאַטערט און געזונגען; און די ביימער ווי די בלומען, האָבן גאָרניט געוואָלט אַוועק פון גאָרטן, ווי די מיידלעך דאָ פון שאַפּ... אומעטיק, אומעטיק!

ג

סאָף וואָך, אַז מען האָט די העמדער געפּאַקט, אַרויסצושיקן, האָט זיך דער ליסער שטערן געשפּיצט אין אַ קעסטל, געוואָרטשעט און געמורמלט: — ס׳פעלט מיר אַ „גאָון"... ס׳פעלט מיר אַ „גאָון"!...

ער וואַרפט אַ בליק צו די מאַשינען. מאַרי׳ס מאַשין כאַלעמט און רוט. — וואַרט אויף אַ מיידל ביז מאָנטיק.

ער גייט און שפּיצט זיין שטערן אין מאַרי׳ס קאַשיק אַריין; וואָרטשעט און מורמלט: — ס׳פעלט מיר אַ „גאָון"... ס׳פעלט מיר אַ „גאָון"!

ער וואַרפט אַ קרומען בליק אויף די מיידלעך ביי די מאַשינען.

— אַט די אַ! אַנדערש פּאַסט זיי ניט... אַט די אַ! אין זיידענע העמדער גאָר... אין זיידענע העמדער !!..

ד

און דעם זעלביקן טאָג — שאַבעס נאַכט; גלאַנצט די לעוואָנע אין אַ שויב און זעט: מאַרי וואַרפט פון זיך די קליידער אַראָפּ און זי אַנטפּלעקט זיך ווי אין אַ טפילע פאַר גאָט...

דורך דער אָפענער טיר דערזעט עס דאָמעניקאָ. זיין האַנט וואַרפט זיך ציילעמען און ווייס ניט אַז ער ציילעמט זיך...

זי צעלאָזט די האָר איבער אירע רונדע שולטערן — העלט נאָך העלער איר לייב אַרויס פון די שוואַרצע האָר.

אין איטאַליע האָט ער געזען, געמאָלן די מאַדאָנע און עס וואַקסט אַזאַ באַשאַף — מאַרי... מאַרי...

זי טוט אָן אַ העמד — אַ זיידן העמד... גיט דער זייד אַ זיד, גיט דער זייד אַ זינג, און די לעוואַנע אין בלוי און אין ווייס — כאַלעם...

— דאַמעניקאַ — דאָס העמד פון שאַפּ — דאַמעניקאַ... און — ווי דערווידער איז איר דאָס העמד...

דאַמעניקאַ׳ס האַרץ גיט זיך אַ וויג, אַ שווינג — פּאַכעד פּאַלט; עס גיט זיך אַ מיניע — מאַ־מע... און פאַרגעסן אָן העמד...

די לעוואָנע הערט אַ פּליסטערן, ווי דער געקנייטש פון זייד וואָס זידט און זינגט און ציט די הערצער, אַרויף, אַרויף — אין לעוואָנע־העלע־רוימען אַרויף.

## ה

מאָנטיק דעם האַלבן טאָג, האָט דער שאַפּ מאַרי׳ן ווי מיט שטריק געצויגן; די מיידלעך. די מאַשין — יאָרן מיידל־לעבן און דאָס וואָס זי וועט ניט אויסזאָגן...

זי קומט אַרויף מיטאָג־צייט. מיט פרייד פון היים, מיט יונג־ווייבלעכקייט; אַזש דאָס היטעלע פרייט זיך אויפן קאָפּ...

זי ברייננגט טאָרטן, וויין, פון דער כאַסענע און — דאָס וואָס זי וועט ניט אויסזאָגן...

מען טרינקט, מען עסט, מען געזעגנט זיך. און אויף איר מאַשין זיצט אַן אַנדערע.

די נעגערין פּרעסט די העמדער אויס — העמד נאָך העמד ווי אַלעמאָל. און מיטאַמאָל — אַ העמד פון בלויען זייד — און זע: אַ פאַרגאַנוועט בלימל, לעבעדיק־רויט...

זי מאַכט אַ שוויג און פּרעסט אויס דאָס העמד און לייגט צווישן די העמדער אַרויסצושיקן; אין דער ברייטער וועלט. אין דער ווייטער וועלט.

# אין גערויש פון שאָפ

שאָפּ אַ צערעדלטער אין פולן גאַנג.

די קלאַנגען דרייען זיך אין ווירוואַר און שטראָמען דורך די פענצטער; זי זיצט ביי דער מאַשין און נייט; אויף דעם שוואַרצן זייד וואָס גלאַנצט, העלן אירע הענט, ווי עס העלט איר האַלדז. איר פּאָנים, פון אַ ריי פּענימער אַרויס. און אירע אויגן וואָס האָבן אַמאָל געכאָלעמט קוקן איצט, אַזוי בלייאיק־מאַט; פאַרכאָלעשט זיינען אירע לענד, פאַרטויבט. זי קען נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן, אַז די ערד האָט אים צוגענומען פון איר און אָט העלט פאַר איר אויף דאָס בילד, ווי זי וואַרפט זיך איבער אַ בערגעלע ערד; די ערד איז אַזוי פריש געווען, ווי פריש איז נאָך איר וואונד, אַז אָט וועט עס אויפרייסן אין אַ געיאָמער.

זי שטעלט אָפּ די מאַשין און גיט אַ פיר די האַנט, איבער די פאַרנעפּלטע אויגן אירע, און קעגן איר — קעפּ אין אַ ריי, וואָס בויגן זיך צו די מאַשינען, מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זיך געבויגן, געבויגן אויף איר צאַר — באַדויערן זי.

צו איר זייט די איטאַליענערן, אַ באַנומענע פון איר צאַר, גיט זיך אַ נויג מיט אַ פּאָר אויסגעצויגענע ליפּן, וואָס ציען זיך צו איר — העי, יו־ו־ו־ו... ווי אַ ווינט אַ האַרבסטיקער, וואָלט אי געבייזערט זיך, אי מיטגעפּילט — העי—י, יו־ו־ו־ו...

זי דערוואַכט און גיט אַ יאָג די מאַשין — פאַריאָגן זיך, פאַריאָגן. און די מאַשין וואָרטשעט ווי אַ הונט אויף דעם געררויש פון שאָפּ, וואָס פאַרשלינגט זי ווי אַ כוואַליע, אַזוי אַזש אין איר צעטויבט זיך אַ קאָל, ווי אין איינעם וואָס טרינקט זיך — ראַטעוועט! און דאָס קאָל קומט ניט אַרויס.

וואָכן זיינען אַוועק און כאַדאָשים אַזוי — מיט זיך, אַליין, אין

צאַר; אַז מענטשן פלעגן ריידן צו איר, האָט זי מער צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ, ווי ענטפערן אויף מענטשלעכע רייד. און אויף דער פרייד פון מענטשן, פלעגט זי ווי אַ שמייכל טאָן מיט אַזאַ מין פאַר־פייניקט שמייכעלע וואָס האָט דערמאָנט אַן הערבסט.

איז איר שוין ליבער געווען, אַן אָפּגעשיידטע צו זיין,אַן אָפּגע־טיילטע פון מענטשן.

מיטאָג־צייט ווען די מיידלעך צעלויפן זיך, זינגענדיק, טאַנצנדיק, זעצט זי זיך אין אַ ווינקל פון שאָפּ, עסן איר מיטאָג־ברויט; אַלע זיינען פריילעך, די גאַס רוישט מיט מענטשן, פון די רעסטאָראַנען הערט זיך דער מעסער־גאָפּל־קלאַנג, מען עסט, מען לאַכט — מען פרייט זיך מיט דער פרייער שאָ.

יונגוואַרג שטייען אין די פענצטער, אויף די געזימסן פון די הייזער, אויף באַלקאָנען, און פלירטעווען איינע צו די אַנדערע — דאָס לעבן קוועלט אין זיי. און אין איר יאָמערט; טויט טראָגט זי אום. זי איז פול מיט דעם; אין יעדן בעכערל פון איר קערפּער, געוויין — אַ וויינענדיקע ווערבע.

ביז איינמאָל האָט זיך באַוויזן אַ קאָפּ איבערן מאַשין, אַ קאָפּ אַ קוטשעראַווער, פונקט קעגן איר, מיט אַ פּאָנעם אַזאַ ערדישן, און שמייכלט אַזוי העל, ווי די בלאַנקע ציין זיינע; איז וואָס וויל דער קאָפּ? — גאָרניט... אָבער דאָס שמייכעלע איז אַזוי קלוג און דרינגט אין איר, ווי אַ פלאַטערל אַ העלס, אין אַ פינצטערן טהומ, און פון דעם פלאַטערן, ווערט ווי פאַרווישט אַ שטיק כווישעך אין איר...

זי האָט געשטויגט וואָס פאַר אַ גוואורע עס ליגט אין דעם שמיי־כעלע...

זי יאָגט די מאַשין, צו פאַרטומלען דעם וואָס וואַכט און דער־וועקן דעם, וואָס ליגט אַ פאַרזיגלטער.

און דער טומל, פאַרטומלט ניט, די לעבעדיקע וואָס וואַכן, און דערוועקט ניט די טויטע וואָס רוען...

איינמאָל אין אַזאַ יאָגעניש גיט אַ קנאַל ווי אַ בייטש און די מאַשין בלייבט שטיין אַ פאַרגליווערטע. דער קעגן איר, גיט זיך אַ הויב און זאָגט:

— דער פּאַסיק איז צעריסן, — און קריכט ווי אַ בער איבערן טיש צו פֿאַרריכטן דעם פּאַסיק.

— אַ דאַנק, — זאָגט זי, אָפּרוקנדיק זיך מיט דעם ביינקל.

ער בויגט זיך אונטערן טיש, און זי... ווי אַ מעכטיקע גוואורע וואָלט זי אַ צי געטאָן צו אים, אַזש פֿון אירע אויגן האָבן אַ בריזג געטאָן פֿונקען, אָפּבריענדיק אים מיט איר קערפּער, און ער, וואָס איז וואָך אויף אַלע כושים, שווייגט מיט דער כאַכמע פֿון שווייגן — פֿאַרריכט דעם פּאַסיק...

די איטאַליענערן האָט דאָס באַמערקט, און ווי ער ליגט אַזוי האַלב אויסגעצויגן אונטערן טיש, גיט זי אים אַ מעסט מיט אַ בליק און ווינקט צו איר: — זע אַ מאַן! — אַ בופל־אָקס אַ ווילדער. און קוקט ווי דאָס קען דורכטראָגן דורכן לעבן, ווי דורך אַ וואַלד אַ ווילדן.

ער הויבט זיך אויף פֿון אונטערן טיש, נעמט אַ פּאַפּיר אוןווישט פּיבערדיק די הענט, וואָס ער האָט איינגעשמירט אָן פּאַסיק, און זיין ערדיש פּאָנים, וואָס האַלט זיך הויך אויף זיין זייליקער האַלדז — פֿלאַמט. און וואַרפֿט עפּעס אום דעם צונג אין מויל, ווי ער וואָלט אים געקייט...

— עס טוט מיר לייד, — זאָגט זי און פֿאַררייסט צו אים איר ווייסינקע קין.

— מיילע, טוט אייך לייד... — ענטפֿערט ער און די קויל־שוואַרצע אויגן זיינע פֿינקלען.

ער ווישט די הענט און קען זיי ניט דערווישן פֿון דעם אויל. גייט ער זיי וואַשן מיט זייף, און זי קוקט ווי דאָס שפּאַנט — אַ זייל, אויף צוויי זייליקע פֿיס.

עס גיט זיך אַ נויג צו איר די איטאַליענערן, מיט אַ פּאָר אויסגעצויגענע ליפּן, וואָס גיבן איר אַזש אַ ברי אין אויער:

— נאַר, דו גרויסער, גרויסער נאַ—ר... אין דעם איז עפּעס געלעגן: אי האַסקאָמע. אי בראָכע. ווייל ביי זיך אין געדאַנק, האָט זי זיי שוין כאַסענע געמאַכט...

די מיידלעך כאַפּן אויף דעם געדאַנק און אין אַ צענדליק אויגן פֿון אַרום, בליצט דורך אַ פֿייערל. און ביז ער איז צוריקגעקומען,

איז נאָך צייט געווען דורכצופּלעכטן אַ פּאָר גלייכווערטלעך אויף איר רעכענונג . . .

זי נייט און פאַררויטלט זיך ביז איבער די אויערן, און דער קאָפּ האָט זיך אויך געמוזט פאַררויטלען, ווייל די וואָרצלען פון די האָר האָבן איר אַזש געשטאָכן אין מאָרך אַריין.

— יאָ. גיט זי צו ביי זיך, פון מענטשן קען מען גאָרניט באַהאַלטן; און דאַכט זיך — וואָס? גאָרניט . . . און מען פרייט זיך שוין.

יענעם טאָג איז זי געגאַנגען עסן מיטאָג אין רעסטאָראַן, און ער איז איר שווייגנדיקערהייט נאָכגעגאַנגען; געזעצט זיך ביי איין טיש; זי קוקט. ער קוקט — מען קוקט זיך אָן . . .

— גוט האָ? בויערט זיך אַ בליק.

— אַוואָדע, פינקלט צו אַ צווייטער.

מען דערלאַנגט דאָס עסן, און קעדיי עפּעס צו ריידן, הויבט זי אָן:

— מען נייט און מען נייט און . . . — בייסט זיך אַריין מיט די ווייסע ציין אין ברוינעם ברויט.

— מ׳ה—ם . . . — ענטפערט ער, — מען נייט . . . — און שלינגט אַראָפּ אַ לעפל געקעכטס.

זי בויערט אַ בליק און וואונדערט זיך, וואָס פאַר אַ טאַם עס האָט, ווען ער עסט . . .

שוין לאַנג אַזוי ניט געפילט דעם טאַם, ווען אַ מאַן עסט.

און ער דאָס אייגענע; אים האָט זיך עפּעס אַלעמאָל אויסגעדאַכט, ווען אַ פרוי עסט, איז — נו? כ׳וו—יי; ווי אַ געגדזל וואָלט זיך געשטאָפּט . . . און וואָס פאַר אַ כיין עס ליגט אין איר עסן, וואָס פאַר אַ טאַם.

אַרום זיי האָט געברויזט ווי אין אַ בינשטאָק, און פאַר זייערע אויגן האָט עפּעס ווי אין אַ כאָלעם געוויכערט; פּעגימער האָבן זיך געמיניעט און טויבע קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן, ביז זיי האָבן דערענדיקט דאָס עסן האָבן זיי ווי פאַרגאַנוועטערהייט געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע.

— זע נאָר, — זאָגט זי, ווי אין דער לופט אַריין — שוין אַוואָדע באַלד איינס.

— יאָ, — ענטפערט ער, — מען דאַרף שוין ווידער דרייען די קאַטערינקע, — מיינענדיק די מאַשין אין שאַפּ.

זי הויבט זיך אויף, צו גיין, און ער כאַפּט אַרויס פון איר האַנט דעם צעטל, צו צאָלן.

— גוט, טראַכט זי, זאָל זיין אַזוי — צאָל!...

זי גייט אַרויס, און ער גייט איר נאָך; אין דעם ליפט וואָס ציט אין שאַפּ אַרויף, האָבן זיך אַנגעשפּאַרט מענטשן — אַ בונט אַ קאָלירטער, און זיי ביידע האָבן זיך צוגעדריקט איינס צום צווייטן — דערפילט זיך איינס...

ווען די טיר האָט זיך אָן עפן געטאָן אויף דעם אַכצעטן גאָרן, האָט זי ווי אַרויסגעפּלאָטערט דורכן טיר: ער איז געגאַנגען צו זיין מאַשין און זי אין אַפּרו צימערל, וואו עס שטייט אַ בעטל — אַ וואָרף געטאָן זיך אויף דעם, ווי אַן אויפגעבונטער פלאַם, פון טויזנט צונגען און אַ שוואַרצקייט האָט זיך צעוועלגערט פאַר אירע אויגן; עפּעס האָט זיך ווי דורכגעבראָכן אין איר, בלעזלט זיך אין האַלדז אַרויף, און כאַטש זי פאַרשטיקט, דערהערט זי אַ קאָל פון איר אייגן האַלדז ווי עס וואָלט געריטשעט אַ כייע פון אַ הייל...

דאָס באַשעפעניש, וויל... און פלאַמט מיט טויזנט צונגען צום באַהעפט. און ווער עס האָט באַנומען דעם צאַר, פילט ווי עס צעצי־טערט זיך אַ טראָן...

עס גיט זיך אָן עפן דאָס טירל פון צימער, עטלעכע מיידלעך פלאַטערן אַריין, אַזעלכע יונגינקע און ברייננגען אין די פיסקעס ווער־טער פון גאַס, וואָס זיינען ניט אַזוי זויבער פאַרן אויער, דערפאַר אָבער זאַפטיק פאַרן גומען... זיי ציען אַראָפּ פון זיך די זיידענע קליידלעך אָנצוטאָן די פאַשטעטע צום אַרבעטן: בלייבן אין די העמד־לעך און צעטאַנצן זיך אַזוי — אַזעלכע דינינקע און פלאַטערן מיט די העמדלעך, ווי מיט פליגל — וואָרפן פיסלעך.

זי קוקט אויף זיי מיט פאַרזאָדענע אויגן און זעט ווי אין אַ נעפּל: די צעפּלאָטערטע יוגנט, וואָס טאַנצט אַרום איר, ווי אויף ציגענע פיסלעך.

זי הויבט זיך אויף און גייט צום קראַן וואַשן איר צעפלאַמט פּאָנים; דאָס וואַסער איז קיל, און שפּיזלט זיך מיט דער קעלט אין איר הויט — קילט איר פלייש און געביין.

איר איז לייכטער געוואָרן, דאָס אויפפלאַמען האָט עפּעס ווי אויסגעברענט אין איר. ס'איז איר ליכטיק געוואָרן, אַזוי לויטער העל.

דער האַלבער טאָג ביי דער מאַשין, איז זיך ווי אַ ווייסער וואָל־קענדל צעגאַנגען; מיידלעך האָבן געזונגען און זי האָט אונטערגע־כאַפּט אַ טאָן.

— זע נאַר, זי זינ—גט... — האָבן זיך אַ ווענד געטאָן פּענימער צו איר, ווייל ווען האָט מען איר דאָ, געהערט זינגען?

פאַרנאַכט ווען זי איז געגאַנגען אַהיים, האָט ער זי דורכגעפירט ביזן הויז, און אין אָוונט זיינען זיי געגאַנגען אין טעאַטער: אויף דעם ווייסן וועג — „טיימס־סקווער" געשפּאַנט ווי אין אַ לעגענדע און הינטער איר האָט זיך ווי נאָכגעשלעפּט אַ שוואַרצער שלעפּ, מיילן־לאַנג, אין דער ווייסקייט פון „טיימס־סקווער" און איר פאָרויס, די מיידלעך מיט די דינינקע פיגורן, אויף הויכע קנאַפּל, האָבן דעמאַנ־סטרירט, ווי די יוגנט טאַנצט זיי פאָרויס. און זי איז געגאַנגען מיט הירשענע טריט.

# פאַרליבט...

די זיצט ביי דער מאַשין און נייט — אַזאַ אָנגע־זאָפּטע מיט צאַר, וואָס גליט, דורך איר הויט אַרויס, וואָס נעפּלט זיך רויט פון אירע אויגן.

די אויפפּאַסערן קומט צו און האָט עפּעס טיינעס פאַר איר אַרבעט. הערט זי ניט וואָס מען רעדט צו איר, אַזוי באַרוישט איז זי — צעהודיעט און פאַרטויבט.

הויבט די אויפפּאַסערן דעם קאָפּ, ציט אויס איר לאַנגן האַלדז און גיט אַ זאָג צום שאַפּ — „שי איז נאוטס״; זי איז הייסט דאָס פאַרריקט... און זי זיצט ביי דער מאַשין, וואַקסט ווי פון דעם זייד אַרויס, וואָס ראַשט מיט קאָלירן, און זעט ניט וואָס זי טוט.

וואַקסט זי אַרויס אַ צעגליטע אַזאַ, מיט אויגן פאַרגלוטיקטע ווי עס וואָלטן אַרום איר פּאָנים רויטע ליכטעלעך געפלעמלט...

דערפילט מען דאָך דעם צאַר אירן, ווי מען פילט דעם טאַם פון אַן עפּל וואָס הייגגט נאָך אויפן בוים און צייטיקט זיך... פילט מען דאָך דעם זאַפט אויפן גומען פון ניט צייטיקייט — מיידל, מיידל...

און דאָ רעגן נאָך די קאָלירן פון דעם זיידנס; אַזאַ בונטקייט וואַרפט זיך אין די אויגן, אַזאַ פלאַטערן, אַזאַ זידן... ווי דאָס זייד וואָלט אַ נעשאָמע געהאַט; געמאַניעט און געמאָנט, וואָס דאָס מיידל וויל...

די מאַשינען רודערן און אין דעם גערודער, דערפילט זי, ווי עס וואָלטן זי הינט באַפאַלן; סקאַליען אויף איר מיט די ציין, דרייען מיט די ווידלען און שטעלן אויף איר אויס אַזעלכע רויטע לאַנגע צינגער, — אַז אָט, אָט צעשרייט זי זיך — געוואַלד. אַז אָט פאַלט זי אין אָנמאַכט...

דאָ קען שוין ניט איינזיצן, ביי איר מאַשין, די איטאַליענערן, וואָס טראָגט דעם צונאָמען אין שאַפּ, פון — גאָטס זונס מאַמע, צוליב איר מאַמעשקייט, מיט איר בליק דעם זוניקן. און אַז זי רעדט,

פּילט מען, ווי די ווערטער קאָכן זיך אין אַ האַרץ אַ זשאַריקן און קומען אַרויס אַזוי וואָרקענדיק; כאַטש נעם און כאַפּ אַרום איר האַלדז און צעוויין זיך אויף דעם צאַר פון דער וועלט — מאַמע, מאַמע...

אַז זי צעבייזערט זיך אַפילו אויף די מיידלעך; מאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט זיך צעפּאַכעט מיט פליגל, ווי איינצעהילן, און אויסהיטן זיי פון אַלעם בייזן:

— אַ, אי — ר׳ר׳ר׳...

און בעשאַס אַ סיכסעך מיט דעם באַלעבאָס פון שאַפּ, איז ווערט אַן אויצער צו זען, ווי זי גיט עפּעס פריער אַ וואָרקע צו די מיידלעך, און פאַלט אָן אויף דעם באַלעבאָס, מיט אַזאַ צעפּאַכעניש:

— אַ־ה־אַ... אַ־ה־י... ווי אַ הון אויף אַ רויב־פויגל, וואָס וויל פאַרצוקן אירע הינדעלעך — אָט אַ מאַמע־מערי.

קומט זי צו אָט די מאַרי, צום מיידל; לייגט איר האַנט אויף די אַקסעלעך און רעדט צו איר, ווי זי וואָלט געוואוסט פון דער גאַנצער מייסע... און זאָגט אין אַזאַ טאָן, ווען זי וואָלט אַפילו גערעדט טאַטעריש וואָלט מען זי אויך פאַרשטאַנען:

— וויין ניט, מיידל — דו וועסט זען ווי ער וועט נאָך קומען, מיידל. און רעדט עפּעס און פאַררעדט — מורמלט אונטערן נאָז...

גיט אַ כאַפּ דאָס מיידל איר פּאָנים פאַררויטלטן אין אירע ווייסינקע הענט, גיט זיך אַ בויג אָן צום טיש און וויינט אין די הענט אַריין:

— ער וועט שוין ניט קומען. ער וועט ניט קומען...

בויגט זיך איבער איר, מאַרי און רעדט אין איר אַריין ווי אַ שפּרוך:

— אַז זיי גייען, זאָלן זיי גיין! וועט אַן אַנדערער קומען — אַ בעסערער...

און יענע וויינט אין די הענט אַריין:

— פון וואַנען ווייסטו, אַז איך וויל אַן אַנדערן?...

גיבן אַ פינקל אַ צענדליק אויגן פון אַרום, און מאַרי׳ס אַן אויג גיט זיך אַ צעצינד — פאַרבלענדט צו ווערן... דאָס צווייטע אויג בלייבט האַלב פאַרמאַכט, וואָס באַדויערט דאָס מיידל:

— דו לערן זיך נאָר אויס, ווי אויסצעשפּרייטן די פליגעלעך איבער איינעם פון זיי; וועסטו אים האָבן פאַר גוט...

דער שאָפּ רוישט, די הענט אַרבעטן און די אויגן פון שאָפּ זיינען ווי פּראָזשעקטאָרס אַנגעשטעלט אויף זיי; בליקן דרינגען פון אויגן, אַזעלכע צעזשאַרעטע — לאַסטשען און גלעטן.

בליקן בלענדן פון אויגן אַזעלכע פינקלדיקע, ווי זיי וואָלטן אי באַדויערט, אי געלאַכט — מ׳האָט שוין געזען אַזוינס... און זעסט דאָך מ׳לעבט...

— אָט, אַ נאָר. אָט אַ נאַרעלע אַ יונגס...

און בליקן ווי מיט פאַרוואורף, וואָס קומען ווינקלדיק, קרום און שפּיזלדיק — זע נאָר, די מוי—ד...

אַ בראָנזיקער פּאָנים, בויגט זיך איבער אַ טיש און וואַרפט עפּעס אום די צונג, ווי ער וואָלט זיך באַלעקט...

אַ קאָפּ אויסגעדרייט קאָסאָקע צו אַ ריזן־שער, וואָס שניידט; אָן אויער אָפּגעבויגט — הערט...

אַ מיידל שטייט אין מיטן שאָפּ, מיט אַ פּאַק העמדער אין די אָרעמס און איבערן פּאַק, אַ ליאַלקע־פּאָנעם, די ליפּ פאַרביסן — גאָפּט...

און זי, וואָס זי וויינט אין די הענט אַריין, כאַפּט זיך: צו וואָס דאַרף דאָס אַלץ שאָפּ וויסן? כאַפּט זי אָן די ברעגעס פון איר פאַר־טעכל און פלינק, פלינק, ווישט זיך מיט דעם פאַרטעכל די אויגן, אַזוי אַז דער פאַרטעכל גיט זיך אַריס; דוכט זיך איר, אַז פון דעם ריס אין פאַרטעכל, איז איר לייכטער געוואָרן —אַ, גוט... אַריס־געטאָן זיך, אַ פליק געטאָן זיך, — אַ, גוט...

זעט דאָך שוין מאַרי, אַז איר איז לייכטער געוואָרן. אַז זי האָט אָוויין געטאָן, איז איר גרינגער געוואָרן.

גייט מאַרי צו איר מאַשין און פאַרבייגייענדיק, גיט זי קלוי־מערשט אַ זעץ, אַ מאָן, מיט דעם עלנבויגן; — אַ, די מענער!...

און דער מאָן לאַכט; וואָס האָסטו צו מיר?

— צו דיר? — זעצט זיך מאַרי, ביי דער מאַשין, און אַ ווייז־הייט־שמייכעלע צעהעלט זיך אין די ווינקלען פון איר מויל — און זי גיט זיך אַ זאָג, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין:

— וואָס קען מען דען האָבן צו אינגלעך מיט בע—רד...

פון דעם זאָג אויפן רעכענונג פון מענער, צעהילכט זיך אַ זילבערנער געלעכטער — כוואַליעט זיך, כוואַליעט זיך, און שלאָגט זיך אָן אין בראָנזיקן פּאָנים, וואָס צעהוידעט זיך אין אַ געלעכטער ווי פון אַ לאָקאָמאָטיוו אַרויס:

— אַ־האַ־האַ־האַ...

לאַכט און לאַכט אַז עס ציטערט נעבן אים דער טיש, אַז עס שאָקלען זיך די שייבעלעך פון פענצטער און די אויגן פאַרגייען זיך אים אין רויט; — אַ־האַ־האַ־האַ, — אַ היבשע ווערט האָט איר אָן אונדז...

און לאַכט, און לאַכט, הערט ניט אויף צו לאַכן, אַז אָט, אָט צעפּליען זיך די מיידלעך, ווי הינער...

מאַרי'ן זעט מען לאַכן אינערלעך, ווייל עס ציטערט איר הויכער בוזים, די קנעפּלעך פון איר קלייד וויברירן, ווי פליגעלעך פון ווינט. און זי שמייכלט מיט איר ווייזהייט־שמייכעלע, ווי זי וואָלט קלייבן נאָכעס פון אַ גרויסן אינגל, וואָס קען זיך אַפילע פאַרמעסטן מיט אַ בעריכע...

די מאַשינען רודערן און דער זייד פליסט שטראָמענווייז אונטער די מאַשינען, מיט געפלעכט פון הענט, מיט געבליץ פון אויגן — פליסט און פליסט, פאַרכלינעט צו ווערן...

און אין דעם גערודער פילט מען, ווי עס שלאָגט דער פּולס פון שאַפּ מיט אַ מיטגעפיל צום מיידל, וואָס זיצט ביי דער מאַשין און נייט מיט אַזאַ יאָגעניש, ווי זי וואָלט וועלן וואָס אָניאָגן און זי טראַכט נאָך אַלץ פון דעם ריס אין פאַרטעכל — אַ גוט, אַריס געטאָן זיך. אַ פליק געטאָן זיך — אַ, גוט...

די וואָס וועלן טראָגן די העמדער, וועלן דאָך מוזן דערפילן דעם צאַר און פיין, וואָס זי האָט אין דעם אַריינגענייט. און אַז ווער פון זיי וועט זיך צעווייגען פון שלאָף וועט אויך פון איר צאַר וויינען אין דער נאַכט אַריין. און די וואָס וועלן שמייכלען אין כאָלעם, וועט דער שמייכל זיין מיט אַזאַ מין ווייזהייט, וואָס דער צאַר און פיין האָט שוין לאַנג געלויטערט — אָט אַ וועלט.

# אַ גליאיקע קויל

זי איז ערשט פון דער שולע אַרויס, און איז אָנגעקומען אין אַ שאַפּ אַרבעטן, פון אָנהויב ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע, האָט זי זיך אַרומגעקוקט, און געשראָקן זיך פאַר דער מאַשין, וואָס רעדלט זיך מיט אַזאַ אימפּעט, ביי דעם מינדסטן ריר מיט דעם פוס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום אָבער האָט זי זיך צוגעוואוינט און געקראָגן דעם קאָנטראָל איבער דער מאַשין, וואָס פאָלגט זי און גיט ניט קיין שטאָך אָן איר ווילן.

צו דעם זייד אָבער, וואָס זי נייט האָט זי זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוואוינט; זי קען ניט פאַרגעסן, אַז ס'איז זייד, אַז ס'זינגט...

זיצט זי ביי דער מאַשין, אַ דינינקע אַזאַ, אַ הויכע, מיט איר שאַרף פּאָנעם — שוואַרץ ווי די נאַכט און שיין ווי די נאַכט; די אויגן ווי די שטערנדלעך פינקלען.

איר קאָפּ האַלט זיך הויך אויף איר לאַנגן האַלדז; די האָר אונטערגעשוירענע, כוואַליען זיך אין קרייזעלעך און וועלכעלעך אויף איר האַלדז און נאַקן אַראָפּ. און שפּילן מיט שוואַרצע קאָלירן אויף שוואַרץ. — אַ בלום פון דער נאַכט אַרויס. אַ שוואַרצע בלום.

זי נייט אָן אויף אַ ראָזעווער העמד אַ בלימעלע — רויט. און עס שמעקט ווי אַ לעבעדיקס; אַזויפל נאַכעס פון דער אַרבעט — כיעסט אין איר און קוועלט:

— בר'ר'ר... מאַכט די מאַשין, ווי עס וואָלט אויף איר געברילט אַ כייעלע אַ קליינס. און דער זייד אין אירע פינגער זינגט אַריבער; לאַסטשעט זי, ווי מען וואָלט זי מאַסאַזשירט מיט פאַרפּיומירטן אויל. אַזוי אַז זי וויל אַזש, אַ קוויטשע טאָן פאַר נאַכעס. די ליפּן אָבער, בלייבן פאַרקאַטשעטע ווי אַן אויפגעשניטענע פאַרברוינטע פלוים.

— וואָס קריכסטו ווי אַ כאַזער אויף אַ גליטש!... גיט אויף איר אַ ביל אַ פליישיקע מויל און שרעקט זי איבער.

זי גיט זיך אַ כאַפּ און יאָגט די מאַשין און יאָגט ווי צו פאַריאָגן די באַליידיקונג, וואָס דרינגט אין איר אַריין אַזוי גליענדיק — בלעזלט זיך און זידט.

און איצט ברילט שוין די מאַשין ווי פון איר האַרצן אַרויס:
— בר'ר'ר... ווי אַ כייעלע, פון איר האַרצן אַרויס, —
אַ כאַזער גאַר — אַ כאַזער!

אירע אויגן, וואָס בליצן ווי מיט פונקען, ווערן ווי פאַרנעפּלט פון דער גלוטיקייט אין איר, און דער שאַפּ דרייט זיך ווי אין ווירבל; מאַשינען רוישן און שיטן שרויט איר אין מויעך. זיידנס פלאַטערן אין אַ זאַווערוכע און שטראָמען ווי פאַרבן אונטער די מאַשינען, מיט דעם בליאַסק פון נאָדלען און מיידלשע הענט.

און זי וואַרפט מיט סאַמענטענע הענטלעך צו דער מאַשין — וואַרפט און וואַרפט, און די מאַשין ברילט — אַ כאַזער גאַר, — אַ כאַזער!

קעגן איר, אַ מיידל מיט אַ זוניקן פּאָנעם און שטיפערישע אויגן, באַמערקט דאָס און צעזינגט זיך קלוימערשט אויך אַזוי שטיפעריש, ווי אירע אויגן:

—ווער האָט דען מוירע פאַרן גרויסן וואָלף, גרויסן וואָלף — בייזן וואָלף...

און זי כאַפּט אויף די קאַוואָנע פון איר זינגען און גיט אַ בריזג אויף איר מיט דער ווייסקייט פון אירע ציין, מיט דער גליאַיקייט פון אירע אויגן.

— וואָס זינקסטו?
— גלאַט אַזוי...

און מען פאַרשטייט זיך, ווי די שעפּעלעך אויף אַ לאָנקע...
כאָטש עס ווערט איר פריילעכער פון דעם; הערט נאָך אַלץ ניט אויף די באַליידיקונג צו אַרודעווען אין איר, און פאַרבאַקט זיך ווי אַ קויל אין האַרצן — די ערשטע גליאַיקע קויל פון שאַפּ...

און צוליב דעם טאָקע איז שוין די אַרבעט דורכן טאָג ניט געגאַנגען; זי האָט אַפילו טאָעסן געמאַכט: אָנגענייט אַ בלימעלע אויף דער לינקער זייט, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ בלימעלע פון

הערבסט אויף אַ זוניקער העמד... און דאָ איז שוין גאָר געווען, הימל עפּן זיך!

— אַז זי זעט ניט וואָס זי טוט!

—אַז דער קאָפּ איז איר, באַ ייגגלעך!

און די אויגן אין... כ׳ווייס וואו?

אַזוי, אַז נאָך אַזאַ טאָג איז זי שוין געקומען אַהיים מיט אַ קאָפּ־וויטיק. די מאַמע האָט איר געריבן דעם שטערן און דער טאַטע האָט עפּעס געקוקט... איז וואָס קוקט דער טאַטע אַזוי? און לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ. און אַז די מאַמע זאָגט איר: זי זאָל גיין כאַפּן לופט, וועט איבערגיין; בויגט זיך נאָך נידעריקער דעם טאַטנס קאָפּ:

— ס׳פאַלט אויף דעם קינד שווער די אַרבעט.

— אַ, נאָו, — זאָגט זי, — אַרבעט איז גוט.

און דאָ הויבט ער שוין אויף, דער טאַטע, דעם קאָפּ און פרעגט זי מיט אַ פּאָר דרינגענדיקע אויגן:

— דו זאָג נאָר, מיידל, מען באַליידיקט דיך אין שאָפּ?...

ווייס זי שוין ניט וואָס צו ענטפערן אויף דעם און צעשרייט זיך, עפּעס צו פאַרשרייען:

— וואָס וויל מען פון איר? וואָס וויל מען פון איר לעבן האָבן!

און דעם טאַטנס קאָפּ זינקט, ווי פריער, די אויגן זיינע, ווי די קוילן גליען:

— „סאַמט׳ן ראַנג, סאַמווערס"

יאָ, עפּעס איז ניט ריכטיק ערגעץ וואו!...

זי גייט אין גאַס אַרויס און האַרלעם זשומעט ווי אין אַ בינ־שטאָק; נאַכטיקע פּענימער מינען זיך, און די אויגן זשומען — עס שמעקט מיט בינען און מיט האָניק.

אַלטע לייט זיצן אויף די טרעפּלעך ביי די הייזער, רויכערן די ליולקעס און דערציילן מייסעס.

די יוגנט מאַרשירט אויף די טראָטואַרן מיט פויקנדיקע טריט און הילכן מיט פלאַמיקן געלעכטער.

די קינדער שפּילן זיך און פאַרהילכן די גאַס מיט קלינגענדיקע קעלכלעך.

טונקעלע פּענימער קוקן אַרויס פון צעצונדענע פענצטער און ריידן זיך איבער מיט די מענטשן פון גאַס — בליאַסק פון צייגער הילכיקער געלעכטער.

און איר איז אומעטיק; זי באַמערקט מער, דעם הימל וואָס איז היינט גראָד אָנגעכמורעט איבער „האַרלעם" און די שילדן אויף דער עווענױ, פינקלען היינט אויך ניט אַזוי פייערלעך ווי נעכטן...

זי לויפט אַרויף עטלעכע טרעפּ און גייט אַריין אין אַ הויז; די לאָמפּן צעצונדענע לויכטן און אין הויז איז קיינער ניטאָ — גיט איר ווי אַ יאָג די העלע פוסטקייט פון הויז. און זי לויפט טרעפּ אַראָפּ צו גיין ווייטער; זיצן באַ דער הויז צעקנייטשטע באָבעטשקעס און פלאַפּלען — דערציילן מייסעס פון פּלאַנטאַציעס מיט אַ שוואַרץ־יאָר, און די גאָמבעס ציטערן באַ זיי... רופט זי צו אַ באָבעטשקע און פרעגט זי, ווי עס גייט איר אין דער אַרבעט.

— יאָ, — זאָגט זי, — איך אַרבעט... און שפּאַנט אַוועק אויף אירע שלאַנקע פיס מיט די לאַקירטע שיכלעך, אויף הויכע קנאַפּל; זיי קוקן איר נאָך און די אַלטע באַקלאָגט זיך:

— די יוגנט איז פאַרריסן...

זי גייט דורך אַ גאַס, שטייט אויפן ראָג אַ כאָפּטע בראָנזיקע יונגען; זשומען מיט די אויגן און פלאַמען מיט די צינגער. און זיי־נען פאַרקאָכט אין אַ גאָר וויכטיקן איניען — פאַרכלינען זיך אַזש...

איינער קאָכט זיך מער פון אַלעמען אַזוי אַז דאָס קאַפּעליושל האַלט זיך בעשום אויפן ניט איין, אויף זיין געטאָקטן קאָפּ — פאָרט אום ווי אַ קאַטשקע... און ווען זי גייט פאַרביי גיט דאָס קאַפּעליושל אַ פלי אונטער:

—האַלאָ ראָוז.

זי ענטפערט אויף דעם, מיט אַ בליאַסק פון אירע ציין, און שפּאַנט ווייטער, אויף אירע שלאַנקע פיס מיט די לאַקירטע שיכלעך.

לייגט ער אָפּ דעם גאָר וויכטיקן איניען אויף שפּעטער, און לאָזט זיך גיין נאָך איר — דער מיט דעם קאַפּעליושל...

און זי, ווען זי דערפילט זיינע בליקן אין רוקן, הויבן זיך אָן אירע היפטן צו באַוועגן ווי פון זיך אַליין. און עס רונדיקט זיך... און עס קנוילט זיך — מאַניעט און ווינקט; שפּילט ווי אויף אַ פּי־

דעלע... אַזוי אַז ס׳ווערט איינג אויף איר, דאָס קליידל, און אים גייען איבער די אויגן...

און אַז זי האָט אים אַזוי פיין און אַזוי וואויל אָנגעפּידלט, דרייט זי אויס איר שוואַרץ פּאָנים, און פלאַמט אויף אים מיט אַ זאָג:

— וואָס קריכסטו מיר נאָך, ווי אַ כאַזער אויף אַ גליטש...

— וו׳וו׳וו... צעטאַנצן זיך אים אַוואַדע אַ טוצן וואָרן אויף די ליפּן; אַז ער ווייס ניט פון וואַנען ס׳איז אים געקומען...

בלייבט ער שטיין מיט אַ פאַרגליווערט פּאָנים, ווי פאַרברווינטע ברויטלעך צוויי, און דאָס קאַפּעליושל פאַרקריכט אים אויף די אויגן...

זי שפּאַנט אַוועק און ווייסט אַליין ניט, פאַרוואָס דאָס איז אים געקומען? וואָרום האָט זי דאָס אים געזאָגט! — עפּשער דערפאַר, וואָס זי האָט געוואָלט אַרויספלאַמען די באַליידיקונג, וואָס האָט זיך פאַרבאַקן ווי אַ קויל אין האַרצן — די ערשטע גליאיקע קויל פון שאַפּ.

# אַ גאַנצן טאָג רודערן די רעדער

אַ גאַנצן טאָג רודערן די רעדער
צעמאָלן דעם טאָג, אין מילשטיין פון יאָך
און שאָפּ איז הונגעריק און שאָפּ איז גיריק —
נאָגט דעם קליאַק פון ווייס געביין.
אַז ס'שאָלט געביין, שאָל פון סריפּע;
ווי עס שאַלט אַ רוף פלאַמיק פון טרומייט.
עך, דו מאָרגן־רוף. עך, דו רויטער;
לאָז אַ הערטאָן געוואָי פון טאָג,
וואָס ברילט און בליט אין אַ יעלאָלע,
אויף דעם לעבן וואָס ווערט צעמאָלט;
ווי עס וואָלט אַ ווינט, אין וואַלד געוואָיעט,
און גערויעט אַ וויכער — גוואַלד.
און זיי מויכל דעם שלונד דעם הייסן,
וואָס גיט אַ שלונג אַ הייסע טרער...
אויף דעם לעבן אין שאָפּ פון קנעכטשאַפט,
וואָס ווערט צעמאָלן אויף וויסט און לער!

# די מאַשין אין ראָג

## א

אַ טויבקייט היינט אין שאַפּ. די מאַשינען גייען און ברעקלען קלאַנגען, ווי דורך טויבע ווענט. — קיין וואָרט צו הערן פון די מענטשן. אַפילו קיין זידל־וואָרט: מען זיצט די קעפּ געבויגן צו די מאַשינען, מען נייט און מען שוויַיגט. אין ראָג שטומט די מאַשין, אַ כמורנע אַזאַ און רעגט, אַז אַט, דוכט זיך, וועט אויפ־רייסן די שטומעניש אין אַ געיאָמער: — העלפט, העלפט!

ווער זאָל העלפן, ווער? אַז אומבאַהאָלפן איז דאָס באַשאַף קעגן טויט.

אָט האָט געלעבט אַ מענטש; היינט גיי וויס אַז אין אים האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ כאַלאַעס, דאָ ביי דער מאַשין, און האָט אים גע־געסן, געגעסן; רעגעסוויַיז, מינוטנוויַיז געגעסן — טאָג נאָך טאָג.

דאָס מעסער פון כירורג בלאַנקט און זוכט אין דער פינצטער — העלפט, העלפט! — ווער זאָל העלפן, ווער?

מען מיידט אויס די מאַשין פון ראָג מיט אַ בליק און פאַר אַ ווײַלע דאַכט זיך אויס, אַז ער זיצט ביי דער מאַשין ווי אַלעמאָל, נייט און שוויַיגט אויס זיין שוויַיגעניש.

פלעגט מען טאָקע זאָגן — שוויַיגט מיט דער כאָכמע פון שוויַיגן... און אַז ער האָט זיך צערעדט, זיינען געקומען רייד פון אַ מויל אַזאַ וואָרימען:

— עך, כעוורע, צי אין דעם גייט עס, צי דאָס זאָל זיין דער באָנעם?!

און אַז ווער האָט זיך צעהיצט, און אים געענטפערט מיט רייד אַזעלכע, וואָס האָבן אים געשפּרונגען ווי הייסע אַרבעסן אין פּאָנים, האָט ער אַזוי טיף פאַרשטאַנען און מיט אַזאַ ווייזהייט זיך צעלויכטן:

— הע, הע, שפּרינגסט דאָך פון דער הויט, און ווייסט אַפילו ניט, אַז דאָס גוטע אין דיר היינט, איז שוין געווען פאַרזייט פון נעכטן און טראָגסט אין מאָרגן.

ווען ניט, וואָלט דאָך זייער אומעטיק געווען, טאַקע גאָר אומע־טיק, מיין פריינט...

און פאַרטראַכטן זיך אַזוי, אין אַזאַ דאַכטעניש און ווער עס האָט דערפילט, האָט געזען, ווי ער פאַרטראָגט זיך ערגעץ ווייט, אין די קאַמפן פון אַמאָל; די מאַשין פלעגט אָנהויבן גיין פּאַמעלעכער, ציען דעם געוואַנט געלאַסענער און זיינע הענט נאָכן געוואַנט; דאַכט זיך ניט גאָר ווייסע הענט געווען און איצט זעט מען זיי אין געדאַכט, אַזעלכע אויפגעלויכטענע, העלן אויף דעם געוואַנט, ווי אַ כאַלעם אויף שוואַרץ. און ציען זיך צום נאָדל וואָס בלאַנקט.

און ער איז ווייט, אין די הייסע קאַמפן פון ניינצן־פינף, וואָס האָבן אים פאַרטראָגן אויף די סיביריש־פראָסטיקע פעלדער, און מען האָט געקאָנט זען, ווי ער וואָלט אָטעמען פראָסט... כאָטש זיצן, זיצט ער ביי דער מאַשין: אַזאַ ברייט־ברוסטיקער, דעם קאַמזויל צע־קנעפּלט, דאָס העמד צעכראַסטשעטע ווי דאָס אַלץ וואָלט זאָגן: — זע אַ האַרץ, אַ פולע אַזאַ; אָנגעפילט מיט כיעס פון נעכטן, פאַר היינט, און נער־דערנער זיך, פאַר מאָרגן...

און דאָס פּאָנים אַ פולע אַזאַ, ווי דאָס האַרץ, וואָלט זיך ווי פאַר־ציען מיט אַ טול, ביז דער לייבן־קאָפּ האָר, געקרויזלטער. און פון אונטן די גרוילעכע וואָנצן, העלן ווי מיט לעוואָנע־ליכט, העלן אויף דער רונדיקער קין און פאַררויטלען זיך. און מיטאַמאָל דערוואַכן; אַ יאָג טאָן די מאַשין, אַזש דער טיש האָט זיך צעטרייסלט. אַז די שפּולן פאָדים האָבן זיך צעטאַנצט. און די שער אויפן טיש, האָט זיך געוואָרפן ווי אַ לעבעדיקע; דערציילן פון איר שטאָליקן, — דזין, דזין...

אַז ס'האָט זיך געדאַכט, די מאַשין וועט אין וואַנט אַ פלי טאָן; איז די מאַשין צום טיש געשמידט. איז דער טיש צום דיל געשמידט. און ער צו דעם אַלעמען — עד, כעוורע...

און איצט שטייט די מאַשין, און עס שוויגט די שער; ליגט אויפן טיש ווי אַ פּאָר שלענגעלעך טויטע...

קען מען דאָך ניט אויסהאַלטן, ווי עס שטומט די מאַשין, ווי עס שווייגט די שער; נעמט שוין ווער זיין פאַרטעכל און דעקט איין די מאַשין...

רעגט נאָך מער די מאַשין פון אונטער דעם פאַרטעכל אַרויס...

צעוואָרקעט זיך אַן אַנדערער: — מיט זיין פאַרטעכל גאָר, מיט זיין פאַרטעכל!...

זעט מען דאָך שוין די מעלאָכע הייגט... כאַפּט אַראָפּ דער פאָרמאַן די מאַשין און פאַרשטעלט עס ערגעץ אין אַ ווינקל; בלייבט דאָך דער אויסשניט פון טיש לער, ווי אַן אויסגעשריי אַ פּוסטער — וואַ—ו,ו,ו?...

און ווי דורך דער פּוסטקייט זיינע רייד:

— עך, כּעוורע;

עס וואָלט דאָך זייער אומעטיק געווען, טאַקע גאָר אומעטיק, מיין פריינט.

און דאָס האָט געמיינט אַז דאָס גוטע אין לעבן גייט ניט פאַר־לאָרן.

## ב

**שפּעטער** איז צוגעקומען אין שאָפּ, עפּעס אַ פראַנט, צו פאַרנעמען דעם ייכעסדיקן אָרט אין שאָפּ — די מאַשין אין ראָג, און ווי ער איז אַריינגעקומען אין זיין מאַנטל פון קעמל־האָר מיט אַ ווייסן שאַליקל אויפן האַלדז, און האַנטשן פון כאַזער־פעל אויף די הענט, האָבן די באַלמעלאָכעס אַ שנאָרכע געטאָן מיט די נעזער, אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן ווי זיי וואָלטן אים גלייך דער־שמעקט...

— ווער איז ער?

— כ׳ור־ייי, עפּעס אַ פויגל...

און פלעגט קומען אַזוי אָפּט אין פרימאָרגן, ווי ער וואָלט נעכט ניט געשלאָפן; אויסטאָן דעם מאַנטל און דערביי אַ צי טאָן זיך אין דער לופטן ווי אויסצוגלייכן די ביינער זיינע. און קאָקעטירן אַ גיינגעלע צו דער מאַשין, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַגענעצן

און פאַרענדיקן ביים זעצן זיך מיט אַ פריציש ניגונדל —אַ־ה...

—פון וואַנען אַ יי־ד? נעמט אים איינמאָל איבער אַ קאָל פון כויזעק.

— אַוואַדע געווען צו אַ מיטינג ביז שפּעט, זען צו פאַרבעסערן אונדזער דאָליע דאָ, כאַפּט אונטער אַ קאָל אַ באָס.

— די דאָ־ליע?... ענטפערט ער אויף דעם מיט אַ געגעצל וואָס פאַרענדיקט זיך ווידעראַמאָל מיט דעם פריציש ניגונדל!

— וואָס איז דאָ צו כוי־זעקן! רופט זיך אָפּ איינער מיט אַ קאָל ווי אַ צעעפנט טויער — אַ מענטש מוז אַוואַדע לערנען?

— מיט נאַרעשע וויבער באַלאַק... שיסט אויס אַ צוויטער מיט אַ זאָג און פינטלט צו אים מיט אַן אויגל...

ענטפערט ער אים, מיט אַ מאַך פון זיין וויכינקער האַנט, ווי ער וואָלט זאָגן — ניט דיין אייסעק!

און ס׳איז אויך ניט דעם באַלעבאָס׳ אייסעק, ביפראַט ער כאַנפעט זיך צו אים, און אַרבעט נאָך שטילינקערהייט פון שטיק... וואָס אין דעם שאַפּ איז דאָס אַ פאַרברעך, קעגן דעם אָפּמאַך מיט די אַרבעטער.

נאָר אַז מען האָט דערהערט, אַז אַ מענטש לערנט, האָט מען איינגענומען אַ שטילעניש. כאָטש ס׳איז אומעגלעך געווען צו פאַר־טראָגן, דאָס געגעצן מיט אַזאַ פריציש ניגונדל.

און דאָס פּאָנים מיט די באַקן־בערד, וואָס האָט אַפילו אויסגעז־זען, אַז קיין וואַסער האָט מען אויף אים ניט געשפּאָרט צו וואַשן, און צייט פאַר ראַזירן אויך ניט, מיט די שמירעניש נאָך דעם; פונ־דעסטוועגן איז פאַרבליבן אין פּאָנים אַזאַ ברודיקייט, וואָס קיין זאַך וועט שוין דאָ ניט העלפן, צו ריניקן... און ווי דאָס זשאַנגלירט, ווי דאָס כיינדלט זיך; ספּעציעל צו די מיידלאַך פון שאַפּ — האָניק טריפט אים פון די ליפּן! ביז מען האָט אָנגעהויבן אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט אויף דעם, מיט אַזאַ מין מאַך, ווי דער פּאָנים וואָלט געבליבן אַן אויסגעפּאַטשטשטער...

לערנט הייסט דאָס אַ מענטש... קומט ער טאָקע צומאָל, מיט אַ בוך אין קעשענע, און קוקט אין אים אַריין מיטאָג־צייט —

אַזוי דערוויטערט פון אַלעמען; אַלע זאָלן זען — אַ בלודנע שע־פּעלע...

דאָ קאָכט זיך; מיטאָג־צייט זיינען די הענט לײדיק, מעסט מען אויס די וועלט אויף דער דלאָניע — מען כאַפּט זיך אַריבער אין אַפריקע, מען פאַרקריכט אין אַזיע... און מען איז גאַנצע געאָגראַפן.

ביז מען קומט צו דעם זעקסטל טייל ערד — סאָוועטנלאַנד.

און דאָ ווערט שוין גאָר אַן אַנדער מין מיין פון זאַכן; די אויגן צעבליצן זיך. די ווערטער גליען זיך אָן, אַזוי, אַז די לופט אַרום ווערט הייס.

און ער זאָל דאָס גאָר אַ קוק טאָן אין יענער זייט — ווי אַ מענטש איז דאָס פאַרטיפט אַביסל...

דאַרף זיך איינמאָל, אַ מיידל אַ שטיפערן, אונטערגאַנוועגען, אַ קוק צו טאָן איבער זיין קאָפּ און זען, אין וואָס איז דער מענטש אַזוי פאַרטיפט? כאַפּט זי דעם קוק איבער זיין קאָפּ און לאָזט זיך לויפן איבערן שאַפּ ווי אַ צעכאָכעט ציגעלע... וואָס? — האָט זי ניט געזאָגט, נאָר שפּעטער באַ דער אַרבעט האָט זי זיך עפּעס גע־סוידעט מיט די מיידלעך, און זיי אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן אַ גע־לעכטער:

— נאָך מיט „פּיקטשעס”...

דאָס בוך, פאַרשטייט זיך, באַהאַלט ער אַ פאַרוויקלטן אין קע־שענע פון זיין מאַנטל. אָבער אַז ער איז איינמאָל אַהיים געקומען, צו זיך אין צימער, און אַן עפּן געטאָן דאָס בוך צום לייענען, האָט ער דערזען אָנגעשריבן אויפן ערשטן זייט, אַזוי אַ, מיט גרויסע שוואַרצע אויסיעס:

קריינקלעכע ניוול־פּע!
דע־גע־נע־ראַ־ציע, ערגסטן מין!
טפו! און נאָכאַמאָל טפו!

קומט אים אַרויף אויפן זינען, דער ווייסער פון שאַפּ (אומעטום איז דאָ איינער וואָס ווייס) אָבער רײדן וועגן דעם, באַשליסט ער ביי זיך, וועט ער מיט אים ניט רײדן — ער וועט זיך מאַכן ניט וויסנדיק...

און געאַרבעט האָט ער אויף דער מאַשין אין ראַג, ביז ער האָט שוין ווידעראַמאָל געקראָגן עפּעס אַ מיידל, זאָל פאַר אים אַרבעטן!

ג

## מיר ווערן געהאַסט און געטריבן,
## מיר ווערן געיאָגט און פאַרפאָלגט:

זיצט אַ יונג ביי דער מאַשין אין ראָג; דרייט מיט די שולטערן, טרייסלט מיט דער טשופּרינע — זינגט און בייט.

און דאָס נייען באַ אים, ווי ער וואָלט דיריזשירט זיין געזאַנג. די ווערטער פון ליד, וואָס באַקלאָגן זיך אויף אַ מאָזל אַזאַ — צו ווערן געיאָגט און פאַרפאָלגט, קליידן זיך אָן אין זיין ניגון און באַקומען גאָר אַן אַנדער מיין; עפּעס קומט עס באַ אים אַרויס אַזוי, ווי ער וואָלט זיך גאָר איבערגענומען מיט דעם... ווי ס׳וואָלט אים גאָר געווען אַ גאַנצער ייכעס צו ווערן געהאַסט און געטריבן — פאַר זיין עמעס אין אים.

אַזויפיל מענטשן אין שאָפּ און מען באַמערקט זיי ניט; קעפּ נאָר געבויגענע וויגן זיך אום — און ווי דאָס לאָזט זיך הערן, ווי דאָס לאָזט זיך זען — אַ יונג אַזאַ.

ס׳איז אים דאָ איינג, ראַזמאַכעוועט ער זיך — שעטעך גיט אים — לופט! פאַר אַ מענטשלעכן אָטעם!

און ווי דאָס לעבן שפּרודלט אין אים, שפּילט אונטער אויף יעדן אייווער זייַנעם — פאַרקוויקלט צו ווערן...

און די מאַשינען וואָס טומלען, פאַרטומלען אים ניט. און דאָס לעבן דאָ פאַרביטערט אים ניט, און עך, ווי ער וואָלט אַ פלאַם געטאָן אויף דער ביטערניש דאָ — אויסצוברענען ביזן דעק!

בייט ער און זינגט...

— האָלעדריגע דו, וואָס איז דיר אַזוי גוט? קוקן צו אים ווינקלדיק אַ פּאָר אויגן איבער אַ מאַשין, און די בליקן דרינגען, — גלעטן אים, און טוען אים וויי.

ענטפערט ער, מיט דעם ליד צו פאַרענטפערן: —

נאָר אַלעס דערפאַר וואָס מיר ליבן,
דאָס אָרימע ליידנדע פאָלק.

— אַזוי גאָר, אַז־וי?

צעװיגט זיך אַ גרויער קאָפּ איבער אַ שוואַרצן מאַנטל, וואָס ליגט אויף די קני, פאַרענדיקט צו ווערן.

— אַזוי, אַזוי; זשאַרעט דער יונג אַזאַ זוניקער און קלינגט אויס אַ זאָג מיט דעם צונג פון אַ גלאָק:

— זאָל יענער זאָ—רגן,

וועמענס מאָ—רגן איז דערוואָ—רגן!...

דערבײַ גיט זיך דער גרויער קאָפּ אַ דערהויב און עס באַווײַזט זיך אַ רונדיק פּאָנים, מיט אַ קײַלעכדיק בערדל, וואָס איז גרוי ווי אַש; אַ האַנט פּאַררוקט די שפּאַקולן פון נאָז אַרויפצו אויפן שטערן, ווי אָנצוקוקן דעם יונג מיט נאַקעטע אויגן. און די אויגן אַזעלכע לאַכנדיקע פינקלען:

— הייסט דאָס אַ כעוו—רע־מאַן אַזעלכער... און קוקט ווי דאָס זיצט בײַ דער מאַשין, אַזאַ רונדיקער, אַזאַ זוניקער, מיט אַ ברוסט אַזאַ געפּאַנצערטער.

ס'וואָלט דאָך גיכער געפּאַסט דעם יונג רײַטן אויף אַ פערד אין פאָרויס פון אַ סקאַדראָן, ווי זיצן דאָ בײַ דער מאַשין!!!

און דער אַלטינקער הויבט זיך עפּעס אָן דרייען, און אין האַלדז פאַרקײַכט זיך אים אַ קוויטשיקל:

— כעוו—רע, כעוו—רע... פּאַרנאָסעס זוכט מען זיך אויס

— פּאַר—נאָ—סעס!

— וואָסזשע, זשאַרעט דער יונג, עפּשער ניט קיין ערלעכע מעלאָכע — האַ? און שטעלט אָן אַ פּאָר קוקערס צום אַלטינקן וואָס זידן מיט זוניקן זײַן.

— הע, הע—הע... פּאַרציט דער אַלטינקער אַ ניגנדל ווי אַ שנירעלע פּראָסט — ער—לעכע מעלאָ—כע...

שוין פערציק יאָרעלעך בײַ שנײַדערײַ, און פרעג זיי די יאָרעלעך, צי זיי האָבן מיר טאַכריכעמלעך פאַרזאָרגט?!

און רוקט אַראָפּ צוריק די שפּאַקולן אויפן נאָז, וואָס איז אים רויט געוואָרן, ווי ער וואָלט אײַנגענומען אַ לעפל טערפּקן כריין...

דער יונג, אַ באַנומענער פון אַזאַ פּאַרגײַעניש אין נאָז, גיט אַ יאָג די מאַשין, ווי עס וואָלט זיך צעגאַלאָפּירט אַ לאָשיקל אויף אַן אײַזערנעם בריק, און רעדלט אַרויס אַ זאָג אין געדרײַ אַרײַן:

— עס קומט אויף אונדז אַ צייט, פון רעכענונג — וועלן מיר זיך רעכענען, זיידע!

— ווערסטו שוין מיר אַריינרעכענען די פּערציק יאָרעלעך — האָ? — דרייט זיך ווי אויס דעם אַלטינקנס קאָפּ און פּינקלט מיט אַן אויג איבער אַ שפּאַקול צום יונג, וואָס נייט, ווי אַריינצונייען דעם רעכענונג אין מאַנטל...

און ווייל די רייד האָבן זיך דורכגעפלאָכטן מיט אַ פּינקלדיקער אויג פון ווייזהייט צום יונג, האָט זיך פּאַר אָווילע אַ דאַכט געטאָן, ווי מען וואָלט ריידן פון פּאַרצייטן פון אַזעלכע פינצטערע אַמאָלן אין ביטערער קנעכטשאַפט. און די קעפּ, וואָס נייגן און בויגן זיך דאָ — מינען זיך פּאַר די אויגן, ווי דאָס אַלץ וואָלט אַ שוואַרצער כאָלעם געווען... און פון כאָלעם שלייערט זיך אויס אַ קאָפּ, און מען זעט, אַ הויכן בלאַנקנדיקן שטערן אין שוואַרצע לאָקן געפּאַסט און אַ פּאָר דרינגנדיקע אויגן וואָס קוקן צו פירן דעם רעכענונג. און דער יונג יאָגט די מאַשין און יאָגט, ווי אָנצויאָגן דעם טאָג פון וואָר און ווייזהייט, דעם טאָג, וואָס גייט אויף אין אים מיט זון, אין פולער קראַפט און פּראַכט פון אויפגאַנג.

# אַ מיידל, — אַ מאָדעל

גע‌קומען איז זי אַהער אָנצוקומען אויף דער בינע, און געבראַכט מיט זיך דאָס גאָלד פון גאָלדענע פעלדער; די ציטיקייט פון ווייץ אין אירע זוניקע האָר, דאָס בלוי פון בלימעלעך, אין אירע אויגן. און די לויטערקייט פון קוואַל, וואָס שפּרודלט פאַר דער זון — ליכטיקט זיך פון איר פּאָנים אַרויס.

וואָלט געוועזן אַ פרייד אָנצוקוקן, אַזאַ באַשאַף אויף דער בינע; אויגן וואָלטן זיך ווי פּראָזשעקטאָרס געצונדן. בליקן וואָלטן דורכ־געדרונגען אַזאַ לויטערן זיין: זאָגן די טעאַטער־לייט, אַז פריער זאָל זי גיין אין אַ דראַמאַטישער שולע. און דער לערער פון דראַמאַטישער שולע זאָגט, אַז עס דאַרף נאָך נעמען אַ צייט אָנצוקומען אויף דער בינע, — באַ אַ געלעגנהייט... און זי האָט גאָר אַליין ניט געוואוסט, ווי שווער ס'איז דער וועג צו דער בינע.

און כאָטש זאָט, איז זי זאַט מיט פּראַכט און שיינקייט, איז זי אָבער הונגעריק ווי אַ מאַלפּע, פאַרן לעבעדיקן באַדאַרף, און ווי אַכזאָריעסדיק איז די שטאָט — צאָל! פאַר אַלץ צאָל. פּילפּאַכיק מער, ווי מען וואָלט באַדאַרפט צאָלן. און דאָס געלט, פון דעם אַפּילע, וואָס די מאַמע האָט איר געגעבן, שטילינקערהייט, אַזוי אַז דער טאַטע זאָל ניט וויסן, האָט זיך שוין אויך צעקייקלט, ניקל־ווייז איבער שטאָט; וואָס זאָל מען טאָן? איז זי אַרומגעגאַנגען איבער די רוישיקע גאַסן פון ניו יאָרק, צווישן אַזויפיל מענטשן, איינע אַליין.

דאָס געפיל וואָס איז אין איר אַזוי וואַך געוועזן — מיין לאַנד! איז דאָ ווי נעלם געוואָרן... אַנשטאָט דעם האָט זיך ווי צעקוואַלט אַ הייסער שטראָם פון האַרצן ביזן האַלדז אַרויף — מאַמע, מאַמע... נאָר ווער האָט זי געהערט? אין די אויגן האָט זיך אַפּילע אָפּגע־שפּיגלט דאָס יאָמערן פון האַרצן — האָט דען ווער געזען? אַז זי בראָדזשעט אַזוי, בלאָנדזשעט אַזוי — דאָס היטעלע אָנגערוקט אויף

די אויגן, צווישן אַזויפיל מענטשן, איינע אַליין. ווי אין אַ דזשאַנגל, וואָס רוישט און ברויזט מיט אימע.

וואָלט גוט געווען צו האָבן אַ כאַווער, גיין באַנאַנד; דעם אָבער וואָס זי האָט אויסגעכאָלעמט, זעט זי ניט; ווי מען זעט ניט אַ בוים, וואָס דער וואַלד פאַרשטעלט... כאָטש פילן, פילט זי ווי ער זוכט זי דאָ ערגעץ אַרום און קען זי ניט געפינען... דערפאַר טאַקע, הערט זי אַ מין יאָמערן וואָס טראָגט זיך אויף פליגל פון גערויש איבער דער טומלדיקער שטאָט...

און די מענטשן דאָ — ווי אין אַ בלינדער הויז, ניט אַריינצו־קוקן... זי האָט דאָך מאַמעש געפילט אַ מענטשן, ווי איר אייגן לייב און לעבן; אַזוי דורכזיכטיק געזען. כאָטש נעם און שפּיל אויס, זינג אויס אַ מענטש. און ווי בלינד זיינען זיי דאָ; זעען ניט, און זיינען ניט צום זען!

אַז זי האָט זיך דערפרעגט אויף אַרבעט, האָט מען זי אַריינגעזעצט אין אַ קעמערל מיט אַן אַרויסקוקער צום טיר, דורך אַ גלאָז, אויבן האַלב קיילעכדיק, מיט אַן אויסשניט פון אונטן, אויך אַזוי האַלב קיילעכדיק — צו ריידן דורכן קוקערל... און אַז מען גיט אַן עפן די טיר — הו־הו, ווי עס גיט אַ בלענד... אַ פּאַנים אַזאַ ליכטיקער. און ניט איינער האָט זיך אַ טראַכט געטאָן: אַ באַלאָנעס פון אַ מויד אַזוי זיך צעבליען. און מען אינפאָרמירט זיך באַ איר — שאָפּ. אי די וואָס קומען אַריין, אי די וואָס קלינגען אין טעלעפאָן.

זיצט זי ביי דער שאַלט־ברעט אין קעמערל, מיט אַ געהער־רערל אויפן אויער, וואָס שוואַרצט זיך אַרויס פון אירע זוניקע האָר, צו פאַרבינדן די טעלעפאָנען פון שאָפּ. און ווער עס קלינגט, זינגט זי ווי אַריין אין טרייבל אַ האַלאָ, אַז יענעם צעגייט זיך איבער אַלע גלידער. און ווען יענער האָט אַפילו טיינעס צום שאָפּ, ווערן זיינע טיינעס פון איר קאָל, ווי פאַרטושט און פאַרגלעט, אַז יענעם טראַכט זיך ווידעראַמאָל דאָס אייגענע, — אַ באַלאָנעס פון אַ מוי—ד...

זיצט זי אין קעמערל, טאָג איין, טאָג אויס, ווי אַ פויגל אין אַ שטייגל און קען ניט פאַרגעסן די גרינע וועלדער, די גאָלדענע פעל־דער, וואו זי האָט איר קינדהייט אַזוי פויגל־פריי דורכגעפלאַטערט: עס קומט איר אויפן זינען דאָס טייכל וואו זי האָט זיך געבאָדן;

דאָס וואַסער איז לויטער געווען, ווי לויטער די פרייד, און שפּיגלט זיך אין טייכל ביז די שפּיץ פינגער אירע און זעט: עס טראָגט זיך אַ צווייג מיט דעם שטראָם און דערטראָגט זיך צו איר. און אונטערן צווייג, אַ הוילער יינגל — דזשאַני... אַזאַ שפּיצל פלעגט ער איר אָפּטאָן... און ווי זי האָט זיך דאָס אַ לאָז געטאָן שווימען ווי אַ געגדזל מיט צעפּאַכעטע פליגל, מיט איר פּאַליע זוניקע האָר אויפן רוקן. און ער, דזשאַני, מיט דעם צווייג אויף זיך וואָס פליגלט מיט בלעטער און בליטן נאָך איר. — זי און דזשאַני מיט דעם שטראָם, ווי פון אַ מייסע־ביכל אַרויס...

און ווען זי איז גרעסער געוואָרן, איז זי געגאַנגען אין אַ העכע־רער שולע און דזשאַני איז געבליבן אַ פּאַרמער — געבליבן ווי אין הינטערגרונט פון איר; איצט קומט ער אַזוי אָפּט אויפן זינען...

ווען זי איז אויפן באַן אַרויף, פאָרן אין ניו־יאָרק, איז ער ווי אויסגעוואַקסן ביי דער באַן; זי האָט זיי אַלעמען געגריסט אַ זיי־געזונט. צו אַלעמען געפּאַכט מיט אַ ווייסער טיכעלע אין האַנט און ער איז געבליבן שטיין, דערווייטערט פון אַלעמען; געשטאַנען ווי פאַרגליווערט און געקוקט, ווי די באַן דערווייטערט זי פון אים...

פּונקט דערציילן פון דעם, וואָלט זי בעשום אויפן ניט געקאָנט; זי וואָלט דאָס געקאָנט אויסשפּילן, אויסזינגען, אין אַ סאָף זור־מערדיקן פאַרנאַכט, איינע אַליין אויף אַ פעלד, ווען די זון זינקט אַראָפּ אין איר גלוטיקן פאַרגיין און לאָזט הינטער זיך אַזאַ צעגליטן פיינלעכן כיעס...

זי וואָלט זיך אַזש געגויגט צו דער אומעטיקער ערד, געווענדט זיך מיט די בליקן אין דער פאַרגייענדיקער זון — הימל, הימל, אַ מענטש איז אין צאַר!...

ווער עס קלינגט אָן אין אַזאַ מאָמענט; זידט זי אים אַריין אין טרייבל אַ האַלאָו, אַז יענעם ווערט אַזש הייס אין האַרצן... און איינמאָל האָט איינער אַפילע אַריינגעזאָגט אין טרייבל, אַז אַזאַ שיינע מיידל ווי זי איז, דאַרף זיך גאָרניט זאָרגן, ווי—ל... ס'איז דאָך קלאָר ווי דער ליכטיקער טאָג, אַז זי קען אַריינקריגן ווען זי וויל נאָר אַליין און האָבן אים פאַר גוט ביז אין טויט אַריין...

לאַכט זי, ווי זון דורך טוי און וואונדערט זיך, ווי אַ מענטש

אין דער טומלדיקער שטאָט אַפילע, קען צומאָל דערפילן, אַ מענטשן, אין קלאַנג פון אַ וואָרט, אין טאָן, און אין אונטערטאָן פון אַ וואָרט — מאָדנע מיט מענטשן...

האָט זי זיך אָנגעהויבן צוקוקן צו די אַרבעטער פון שאַפּ, צו־הערן זיך צו זייערע רייד; כאָטש זייער שפּראַך האָט זי ניט פאַר־שטאַנען, נאָר פון די איינגלשע ווערטער וואָס זיי מישן אַריין אין זייער שפּראַך האָט זי אויסגעפונען, אַז זיי ריידן אַפילע פון פאַרמער און פעלדער, און ווי דאָס גרויסע מעכטיקע לאַנד איז פאַרמאַשקנט צו באַנקירן. און מען רעדט עפּעס אין אַזאַ טאָן, ווי וועלט־דערליי־זער...

— זע נאָר, — טראַכט זי, — און איך האָב געמיינט, אַז יעדער ייד האָט זיך זיין קראָם און דאָס איבעריקע גייט אים גאָרניט אָן...

און אַז זי האָט זיך באַפריינט מיט איינער פון שאַפּ; אַ שוואַר־צינקע אַזאַ, וואָס קישעפּט מיט כיין, ווי די נאַכט; איז ווידעראַמאָל, אויך באַ דער, דאָס אייגענע — וועלט־דערלייזונג.

און פריינט איז מען געוואָרן אויף אַזוי ווייט, אַז דאָרט אין קאָ־רידאָר פון שאַפּ, דאָס צימערל וואו מען גייט געוויינלעך אַליין, לויפט מען צומאָל ביידע, כאַפּן דערביי אַ וואָרט.

און וועגן מיידלשע איניאַנים איז קימאַט דאָס אייגענע: ווי באַ דער, — דער זוניקער, אַזוי באַ דער, — דער נאַכטיקער — איין פּראָבלעם...

און ניט איינמאָל האָט זיך צעקלונגען דאָס צימערל, מיט זייער געלעכטער, פון דעם וואָס מען האָט זיך אַריינגעזאָגט, איינס דאָס צווייטע — טאַקע וועגן דעם פּראָבלעם...

איז איר שוין אין שאַפּ היימלעכער געוואָרן. פאַראַן פאַר וועמען אַראָפּצורײדן זיך פון האַרצן.

אָבער אויך נאָכדעם, ווי די כאַווערטע האָט זיך מיט איר אַרומ־געפירט, דורך אָוונטן און פרייע טעג צו ווייזן איר ניו־יאָרק, איז די שטאָט איר היימלעך ניט געוואָרן:

— ווי לעבט מען ניט אָנצוקוקן אַ בוים? ניט פילן דעם כיעס פון דער ליבער ערד? און אַז געניאַלע קעפּ האָבן זיך דאָ הימל־הויך דערהויבן; האָבן זיך דען די מענטשן מיט דעם דאָ איינגעלעבט?

איז דאָך קיין וואונדער ניט, וואָס דער מענטש האָט זיך דאָ ווי פאַרלאָרן — מען טראָמפּלט דאָך דאָ, מיט אייזערנע טריט דאָס האַרץ!

נאָר אַז זי האָט אָנגעקוקט ניו־יאָרק פון די הויכן; די מעטראָ־פּאָליע פון אויסגעהאַקטן גראַניט, וואָס איז ווי אַ פאַנטאַסטיש וואַלד פון מאָנומענטן — געגאַרטלט מיט טייכן, אָנצעקוקן זיך ווי אין אַ שפּיגל. און ביינאַכט: ווי דאָס ווינקט, ווי דאָס זינגט — אַ סימ־פאָניע פון פייער־פאַרבן; כאָטש נעם און שפּיל אונטער אויף אַ טיפן טאָן פון האַרצן — האָב ליב... האָב ליב — באַשאַף! ווי די פאַנטאַזיע פון אַ וואַנזיניקן געניאַלן קינסטלער, וואָס בליצט אים אויף אין אַ פולווער־בליצנדיקע רעגע פון העל־זען.

און אַז אויבן אויף איז אַזוי די מעטראָפּאָליע, היינט וואָס איז שוין אינערלעך, אין די אינגעווייַדן אירע? מיסטעריע... מיס־טעריע....

און ווי די שטאָט, אַזוי די מענטשן: יידן, וואָס זי טרעפט, זיי־נען פאַר איר אַ מיסטעריע; אַזאַ אַלט פאָלק, באַדאַרפט האָבן געלאָסן בלוט, ווי די כינעזער... און וואָס פאַר אַ ברען ס'איז אין זיי; ווי אין מאַרק אַזוי אין שאָפּ, ביי דער אַרבעט, און ווי מען טראָגט זיך דאָס אַרום מיט אידייען — עפּעס גאָר אומגעווייַנלעכעס קאָכט זיך אין זיי.

ס'איז געווען גענוג פאַר איר, זיין אַ פּרייטיק צונאַכט באַ איר כאַווערטע אין הויז; באַרעכטיקן וואָס עס טראַכט זיך איר וועגן זיי.

פריער האָט מען עפּעס אָפּגעריכט אַ סודע פון פאַרגעסענע צייטן מיט ליכטער צעצונדענע אויפן טיש. און ווי ער איז דאָס געזעסן ביי זיין טיש —אַ ייד פון דער ווייסער מעלוכע אַרויס... און עס האָט אַזוי געקישעפט ווי אַ כאָלעם; די שוואַרצאַפּלען אירע, אין בלויע רייפעלעך געפּאַסט, האָבן זיך געטוקט, פאַר די ליכטער צעצונדענע, און זי האָט געהעלט — ווי פון אַ כאָלעם אַרויס...

אַז די כאַווערטע האָט איר געזאָגט, אַז זי איז ניט רעליגיעז און די טאַטעס וועלן שוין אַנדערש ניט ווערן; האָט זי קוקנדיק אויף אים, ביי זיך צוגעגעבן — יאָ, דער וועט שוין אַנדערש ניט ווערן...

שפּעטער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, כעווּרע יונגוואַרג; מען האָט געהערט סימפאָניע פון ראַדיאָ, גערעדט וועגן ביכער און אַפילע

געזונגען פאָלקס־מאָטיוון, וואָס האָבן געטראָגן אַזאַ מין ליכטיקן אומעט — אַזאַ פאַרקייכטע פרייד אין צאַר, ווי אַ כאָסענע און אַ לעוויע...

די ליכטער אין די לייכטער האָבן זיך געטוקט די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן געלויכטן און ס'האָט אַזוי געגאָגט, אַזוי געגאָגט...

און סאַך קאָל סאַך האָט מען זיך פאַרקאָכט, ווידעראָמאָל אין וועלט־פּראָבלעם, און ווי מען האָט זיך דאָס געאַמפּערט, ווי מען וואָלט עפּעס געגרייט אַ טיש, אַן אַלוועלטלעכן אַ רויטן — פון אַ רויטער מעלוכע.

אַ קישעף־קרייז, ווי די שטאָט ניו־יאָרק. הימל־קריצער און פינצ־טערע קעלערן. אַ ווייסער וועג — בראָדוויי. יוניאָן־סקווער און העסטער... און וואָס מען זאָל ניט זאָגן, איז ווי מען וואַרפט אַ שטיין אין יאַם, טרעפט מען אַלץ יאַם...

און אַז זי האָט געזען יידישע טיפּן אויף בראָדווייער בינע, זיי־נען זיי אַרויסגעקומען, ווי עפּעס אַ נאָכקרימעניש נאָכן מענטשלעכן מין, און אַזאַ מין פאַרוואָלטער, פון אַזאַ מין טעאַטער, האָט דאָס איר געזאָגט: אַז פריער זאָל זי גיין אין אַ דראַמאַטישער שולע, דאַן וועט ער זי עפּשער אַריינגעמען אין זיין טעאַטער — עפּשער?...

מען דאַרף נאָך הייסט דאָס, לערנען פאַר אַזאַ — טעאַטעריי!

כאָטש לערנען שוישפּיל אין אַ שולע איז אַוואַדע אַ נויטווענדי־קייט.

און זי האָט נאָך אַפילע ניט באַוויזן אָפּצושפּאָרן די ערשטע איינצאָלונג פאַר אַזאַ שולע, און אַז זי האָט געשריבן אַהיים, מען זאָל איר שיקן געלט פאַר דעם, האָט איר דער טאַטע געענטפערט: אַז פאַר אַזעלכע נאַרישקייטן, האָט ער ניט קיין געלט, סיידן פאַר אַ באַן־בילעט, אויב זי וויל קומען אַהיים...

האָט זי אַלץ געוואַרט אויף דער געלעגנהייט צו קריגן אַ בעסער באַצאָלטע אַרבעט, זי זאָל קענען שפּאָרן. און די געלעגנהייט איז געקומען אויף אַזאַ אויפן: איינמאָל רופט איר אַריין דער באַלעבאָס אין אָפיס, און נעבן אים איז געזעסן דער דעזיינער פון סאַמע פּאַריז — אַ מענטש מיט אַ ליסן קאָפּ און פוכקע וואָנצעס. באַטראַכט זי דער מענטש, ווי עס באַטראַכט אַ פּאַרמער אַ יונג קעלבל. און געמאָסטן אַפילע — ווי עס נעמט אַ שניידער אַ מאָס. און ער בעט זי

אין אַ מין פּאַנפּעוואַטן איינגליש, זי זאָל זיין אַזוי גוט און אָנמעסטן אַ מאַנטל.

— פּאַרוואָס, ניט? שמייכלט זי, און ער טוט איר אָן אַ מאַנטל; זי, דערפילנדיק דעם נאַכעס פון אַ נייעם בעגעד, האָט זיך ווי אַ שוועב געטאָן איבערן צימער און זיי האָבן זיך צופרידן אָנגעקוקט.

— אָלרייט, זאָגט דער באַלעבאָס, — דו וועסט זיין די מאָדעל ביי אונדז.

— מאָ—דעל? פרעגט זי איבער; איך ווייס ניט... און איז אַרויס פון צימער.

האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעסטעניש. מען האָט געצופּט און גע־גלעט. ס׳הייסט ניט זי, נאָר דאָס, וואָס עס האָט געזאָלט ווערן אַ בעגעד, אויסגעפּורעמט אויף איר, און מען האָט געגליטשט שערעלעך אונטער די אָרעמס, אַרום האַלדז, רונד אַרום אַזוי, אַרומצושערן וואָס עס האָט געזאָלט ווערן אַ מאַנטל.

און זי האָט שוין ניט איינמאָל געזאָגט, אַז די שערעלעך האָבן אַ טעווע צו קיצלען...

האָט מען איר אויף דעם געענטפערט, — אַזאַ טעווע האָבן שוין שערעלעך...

זי האָט זיך אָבער געמוזט אויסלערנען שטיין ווי אַן אָטאָמאָט, און מען האָט, אי געצופּט, אי געגלעט. און מיט קרייד פּאַסיקלעך געצייכנט; פּונקט ווי איר רונדיקייט וואָלט זיך אויסגעפּילט, צו שרייבן אויף דעם!

און אַז זי איז געקומען נאָך אַזאַ טאָג אַרבעט צו זיך אין צימערל, פלעגט זי אָוועקפאַלן און לאַנג אַזוי ליגן. זי, וואָס אין יעדן אייוועראירן האָט זיך ווי צעשפּילט שוימיקער וויין, אַזוי אַז זי האָט צומאָל, פאַר זיך אַליין געמוזט שפּילן טעאַטער...

זיינען אירע אייוורים ווי פאַרטעמפּט געוואָרן — שטום און דום ווי בליי...

איז ווי האָט זי שוין איצט געקאָנט טראַכטן פון טעאַטער?

שפּעטער זיינען צוגעקומען צו די טעג פון מאָטערניש, טעג — ניוועזעדיקע, וואָס האָבן זי באַליידיקט ביז אין טיף געביין.

עס זיינען אָנגעקומען קויפּלייט פון לאַנד, און זי האָט פּאַזירט אין די מאַנטלען פאַר זיי.

ס׳איז עמעס, אַז עס זיינען געווען מענער וואָס האָבן אויף איר געקוקט און בעעמעס זי באַוואונדערט — איז גוט צו פילן אַזעלכע בליקן פון מענער.

אָבער אַז זיי זיינען אָנגעקומען אין די צענדליקער; זיצן אַרום אַ טיש, סמאַליען ציגאַרן, און זי, אין מאַנטל נאָך מאַנטל, האָט געמוזט דורכשוועבן ווי אַ כאַלעם פאַר זיי, אַזוי אַז דער מאַנטל זאָל זיך צעזינגען אויף איר, און מען האָט געוואָרפן קוקעלעך, קרום און ווינקל־דיק, שפּיזלדיק, פינקלדיק, און דאָ און דאָרט פלעגט זיך צעצינדן אַן אויג ווי אַ פּראָזשעקטאָר: זע נאָר די מויד... דער קאָפּ פלעגט זיך איר פאַרדרייען.

עס זיינען געווען מאַנטלען, וואָס זי איז זיכער געווען, אַז זיי פּאַסן איר. דאָס געוואַנט האָט מאַמעש געלעבט. ווי פון פלייש און בלוט; און דאָס געניי, ווי געוואָקסן אויף איר. מיט פעלכעלעך, פון זילבער־קאַליר. ווי עס וואָלטן זיך צוויי לאַסטשענדיקע כייעלעך פאַר־קליבן איר אויף די אַקסלען, פאַרקנוילט זיך און גענורעט זיך מיט די פּיסקעס אין איר בוזים... און דאַווקע צו אַזעלכע מאַנטלען האָט מען זיך געקלעפּט — ניט איין אויוועד־באַטלניק, מיט זיינע קלעפּיקע פינגער... געצויגן פאַר די שולטערן, געצופּט די כייעלעך, און איר האָט אַזש וויי געטאָן.

דער באַלעבאָס האָט זיך אַרומגעדרייט און געגרויסט זיך: קלוימערשט צוגעגעבן, אַז עפּשער קען מען נאָך דאָ און דאָרט, וואו אויסבעסערן... אַ דריק טאָן אַ קנעפּל אין טיש, און אין טיר באַווייזט זיך דער דעזיינער, בלייבט שטיין אויפן שוועל און בלאָנקט מיט זיין ליסן קאָפּ ווי פון אַ ראָם אַרויס; קוקט און שמייכלט אין די פוכקע וואָנצעס, — אַ געזאַנג פון אַ מאַנטל. און דערביי נאָך ווינקען צו איר מיט אַן אויגל, — פאַרבלענד זיי... פאַרבלענד...

און איר גאָלדענער קאָפּ, און איר ליכטיק פּאָנים, איז ווי אַרויסגעוואָקסן פון שוואַרץ און פון זילבער — אַ בילד צו מאָלן פון איר, מיט אַ פּאָנים צו צייטן — קוק אָן אַ פּראַכט!

און אַז ס׳איז געקומען אַ פרוי, אַ קויפערן, האָט זי גאָר פאַר־

פייניקט, און עפעס נאָך מיט אַזאַ ביטל קוקן אויף איר — פרויען קויפערנס האָט זי פיינ—ט...

און וואָס זאָל זי טאָן? טעג פון מאַטערניש, נעכט פון פיין ביי זיך אין צימערל; זי איז געקומען אַהער שפּילן טעאַטער, און אָנשטאָט זיך זען אויף דער בינע, האָט זי זיך געזען אין די אַדווער־טייזמענטס מיט די מאַנטלען!...

— קויפט, קויפט!

— גוט און ביליק, פּרעכטיקע מאַנטלען!

— דער שענסטער דעזיין!

— קויפט, קויפט!

אַזאַ פאַרשוועכונג פון פּראַכט און שיינקייט, אַזאַ דערנידערונג ביז אין טיף געביין!

די כאַרפּע ברענט דאָך איר מאַמעש די הויט, סאַרפּעט דאָס האַרץ און אין ראַיען, וואָלט זיך איר, ווי צעקרייט, אַזאַ רויט געקריי — דער—ליי—ז!

— * —

וועט זי פאָרן אַהיים, אין די בערג, און די קערנד־לעך פון דערלייזונג, וואָס זי האָט דאָ געפּיקעט, וועט זי פאַרזייען אויף די היימישע פעלדער, אויף די זוניקע גאָלדענע פעלדער:

פרילינג־צייט האָט זיך געטראָגן אַ באַן, געשלונגען די גלי־טשיקע שינעס — אַהיים, אַהיים.

און אין איר הערל־זען, האָט די שטאָט ווי אַ זוינע געוואונקען:

—הו—הו, דו וועסט נאָך קומען...

מיט זיסע סאַמען וועט דיך ציען צו קומען, — דו וועסט נאָך קומען, דו וועסט קומען!...

# וועלף

אַ פּאָר זיינען זיי, ווי פון איין מאַמען געבאָרן.

אַזעלכע ברייטאַקסלדיקע, פולברוסטיקע, מיט זשעדנע אויגן און די פּענימער — בראָנז: קינען באַ זיי, אַזעלכע ברייטע און לאַנגע, מיט ציינער וואָס בליאַסקען, צו פאַרצוקן!

צי זיינען דאָס ברידער פון איין מאַמען? צי אַ צוטרעף פון דער נאַטור? צוויי זיינען זיי — וועלף פון שאָפּ.

טירן זיינען דאָרטן, אויף טאָפּל־זאַוויעסעס און שווינגען היך־און־הער, אויף שפּרונזינעס, און ווען מען גייט דורך פון איין אָפּ־טיילונג אין דער צווייטער, שטעלט מען נאָר אָן די האַנט, און אין גאַנג עפנט זיך שוין די טיר... גייט מען אָבער דורך ניט אַזוי פלינק, שווינגט די טיר און זעצט פון הינטן — אַריין!

ביידע לאָזן זיך הערן. איינער פון אָפיס, דער צווייטער פון שאָפּ, און לאָזן שאָפּ ניט פאַרגעסן אַז מען מאַכט דאָ „קלאָוקס".

דער שאָפּ איז אַ ליכטיקער, אַ גערואַמער, אויפן העכסטן גאָרן, מיט פענצטער פון אַלע זייטן, ווי אַ לאַמטערן; אַ ווינט טראָגט זיך דורך, ווייעט דורך די הענט, גאַנוועט זיך אונטער די אָרעמס און בלאָזט נאָך אין קאָלנער... ווייל מיט פאַרקנעפּלטע העמדער אַרבעט מען ניט דאָרטן — „קלאָוקס" האָט פיינט קאָלנער־קנעפּ...

און אַז ווינט פון גאַס קומט ניט, גיבן שוין די עלעקטרישע־פעכער גענוג ווינט — „קלאָוקס" האָט ליב לופט...

און עפּעס ליגט דאָרטן קיין אַרבעט ניט איין — מען כאַפּט עס גלייך צו, ווי אַ מויל וואָלט דאָס איינגעשלונגען...

זיצן זיי מיט די צעכראַסטשעטע העמדער און נייען; געוואַנטן פלאַטערן, הענט פלעכטן זיך, און די מאַשינען יאָגן; אַזעלכע גלאַנ־ציקע מאַשינען און גייען ווי מיט פּוטער באַשמירט — די נאָדלען בלאַנקען און דרינגען אין די געוואַנטן ווי אין פלייש. און די מאַ־

שינען הודיען, וואורטשען פאַר נאַכעס, ווי די וועלף אויף זייער רויב...

און פאַלט אַ מאַנטל פון דער מאַשין אין קויש, ווערט ער גלייך פאַרצוקט. און גיב נאָך! אַלעמאַל, גיב!

ניטאָ אַפילע קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן, פאַר וועמען די קלאָוקס...

ריידן באַ דער אַרבעט, פאַרפירן עפּעס אַ געשפּרעך — דאָס ניט! קלאָוקס האָט פיינט אַז מען זעגט אַן אויער...

אַ זינג טאָן מעג מען יע אַפילע, ווייל ווען מען זינגט אַרבעט זיך געשמאַקער — נאָר עס זינגט זיך ניט...

טראַכט מען פון אַ ראַדיאָ, אָבער מען קווייגקלט זיך; ווער ווייסט, צי וועט קלאָוקס ליב האָבן ראַדיאָ...

מיילע, מ׳וועט שוין זען, זאָל מען ערגעץ אַנדערש וואו אויס־פּרובירן... און אַז ווער עס צעזינגט זיך שוין יאָ ביי דער מאַשין; איז דאָס גאָרניט קיין זינגען, ס׳איז מער, ווי דער געוויין פון אַ טשעלאָ... אַזוי פיינלעך ביז צום פאַרגיין, און גערויש פון שאָפּ פאַרשלינגט, פאַרדרייט אין די רעדער, פאַרשטעפּט אין די מאַנטלען.

די וואָס וועלן טראָגן די מאַנטלען, וועט דאָך זייער אומעטיק ווערן — אַזאַ געוויין אַריינגעשטעפּט, אַזאַ טרויער...

און עס כאַפּט זיך אַזוי אָפּט אַ קלאָלע אַרויס, וועלן זיי אויך די קלאָלע מוזן טראָגן — אַזאַ גליענדיקע, גאַליקע קלאָלע.

און אַז אַ מיידל צעזינגט זיך דאָ אין שאָפּ, זינגט זיך איר פון לענדער ווייטע, און ווינטן כאַפּן אויף דאָס געזאַנג פון באַנגן־באַנג, און צעטראָגן איבער די דעכער פון שטאָט; הערט מען טאַקע אַזאַ פיינלעכן טאָן אין גערויש פון שטאָט; אַזאַ פאַרקייכטן צאָרן; אַז אָט, אָט הויבט זיך אַ פויסט, צו צעזעצן די ווענט צו צעבראַזגען די פענצטער; צי פילן זיי דאָס ניט, די וועלף פון שאָפּ? און וואַרפן זיך טאַקע דערפאַר, צו פאַרצוקן יעדן מאַנטל, יעדן קויפער — היינט פאַרצוקן, היינט! און מאָרגן — הע, הע... פאַרצוק אַז דו קענסט...

# דער צייט־היטער

איז מען געוואָרן מאָדערנע; האָט מען דערפונדן אַ צייט־היטער, אַריינצושטעלן ביים שוועל פון שאַפּ — אַ זייגער אַזאַ צו שטעמפּלען די צייט פון קומען און גיין.

און דער היטער היט: די טעג, שאָען, מינוטן און רעגעס פון פאַרקויפטן לייב און לעבן אין שאַפּ.

און טרעפט דאָך, אַז ווער עס פאַרשפּעטיקט אַמאָל, ווערט דאָס געשטעמפּלט, אונטערגעשטראָכן און געכאַסמעט, — פאַר־שפּעטיקט!

צו די טיינעס איז גאָר קיין פאַרענטפערונג ניטאָ. דער היטער היט. און צייט איז געלט. רעכנט מען טאַקע אַרונטער די צייט, אָבער דאָס איז אַלץ קיין טערעץ ניט, ווייל — די מאַשין וואַרט!

פריער זיינען זיי געקומען אָט די צייט־היטער אין די גרויסע שעפּער, און ווי עס פירט זיך: לערנען זיך די קליינע פון די גרויסע, און אַזוי אַרום איז געקומען אַ צייט־היטער צו גאָלדשטיינען אין שאַפּ. אַוועקגעשטעלט אים ביים שוועל, מיט זיין לעוואָנע־פּאָנים צום טיר, מיט זיין מאַרך דעם שטאָלענעם, וואָס האַמערט אין אים — און עס דרימלט ניט און שלאָפט ניט דער היטער פון צייט...

און ווי מען טרעט אַריבער די שוועל, שטרעקט מען אַ האַנט צו אַ בלעכענער קעשענע, מען נעמט אַ קאַרטל לויטן נומער פון דער האַנט ביי דער מאַשין, און מען לייגט דאָס קאַרטל אין מעכאַנישן מויל פון דעם צייט־היטער; אַ דריק אַ הענטל — דזן... און אָפּגעשטעמפּלט די צייט פון קומען. — דאָס אייגענע ביים אַוועקגיין.

און דאָס לעוואָנע־פּאָנעם שמייכלט אַזוי אומשולדיק־ווייס, ווי עס וואָלט גאָר באַגריסט די מענטשן. נאָר די שליסל־לעכער אין פּאָנים, קוקן אַזוי שטאָליק־כמורנע און שפּיגלען זיין שטאָלענעם מאַרך...

דייווקע האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן די מייזשעשווע. צי דערפאַר וואָס עס שטייט ביים טיר, צי דערפאַר וואָס מען האָט גאָר קיין שליטע ניט אין שאָפּ אַריינצוגיין. ניט שטרעקנדיק אַ האַנט צו דעם, ווי אַ פרומער ייד צו דער מייזוזע — איז מייזשעשווע — ס'איז קאָדעש... קאָדעש...

קיין ווערטלעך האָט שוין ניט אויסגעפּעלט יענעם פּרימאָרגן, אויפן רעכענונג פון אָט דער הייליקייט אין שאָפּ; ווייל צייט ווייס מען דאָך איז... גע—לט. און אַז ס'פאַרגייט, קען מען דאָס אַפילע פאַר קיין אויצרעס ניט קריגן...

זאָגט טאַקע דייווקע, אַז צייט איז גאָר לעבן.

— אַז—וי? מאַכט זיך איינער טאַמעוואַטע: איז נאַ דיר געלט און גיב מיר לעבן, — דיינע הייסינקע פאַר יאָרעלעך...

— אַ מאַקע, — מאַכט דייווקע, דערפילנדיק דעם צאַר פון דעם, וואָס שפּיזלט זיך אים, אונטער זיין הויט, אין זיין פלייש און געביין. און פאַרגליט זיך אים ווי אַ גליענדיקע קויל אין האַרצן.

איינער צעוואָרקעט זיך עפּעס, גראַבלענדיק מיט אַ זשאַווער־דיקן קאָל דייווקען אין אויער. דייווקע ענטפערט ניט, נייט און שווייגט; צי אויף די הייסינקע יאָרעלעך וואָס די מאַשין האָט אים פאַרנייט, און נייט נאָך און בילט אויף די רעגעס וואָס פאַרנייען זיך אים אין מינוטן און שאָען — צאַפּלדיק לעבן אין שאָפּ.

און זיין נאָז איז זיך ווי פאַרגאַנגען, צונטער־רויט, ווי אויס־צוקרייען אַזאַ רויט־געיאָמער אויף די הייסינקע יאָרעלעך זיינע...

אַ צווייטער האַלט ניט אויס אַזאַ שווייגן פון דייווקען. פאַרציט ער אַ ניגנדל, קלוימערשט אַ פריילעכס; שנירט ער אָן שליאַביקע ווערטער אויף טשאַיקאָווסקיס אַ ניגן, ווי באַב, אויף אַ זיידענעם שנירל:

„יעך, טי מייזשעשעלאַ, מייזשעשאַ,
העי—י—י, העי—יעי—יעי, מייזשעשאַ!
העע—י—י—י...

דאָס לעצטע צעציט ער אַזוי לאַנג, אַזוי באַנג, ווי פון אַ סטעפּ אַ ברייטן, אין אַ לאַנד אַ ווייטן, אַז ס'ווערט נאָך פיינלעך, פיינלעכער — די ווייטן רופן...

און דאָ זיך גאָר געפאַנגען ביי דער מאַשין אין שאָפּ. און עפּעס

ווערט אַזוי אַנגעצויגן, אַז אַט, אַט וועט עס אויפרייסן און אויפפלאַמען, און... ביז עס צעקלינגט זיך אַזוי פייערלעך — צוועלף...

און מיטאָג־צייט, ווען די הענט זיינען ליידיק, האָט זיך פאַרקאַכט יענע שאָ — ווען צו ברענען...

דייווקע שפּאַנט אַרום איבערן שאַפּ און הויערט אויף אַ רעדל מענטשן, וואָס היצן זיך און טאַנצן אַזש אונטער, אַ זאָג צו טאָן אין זיי זיינס אַ זאָג, וואָס איז ניט צו צעקנאַקן און ניט צו צעבייסן, אַזאַ טעווע האָט ער אָט־דער דייווקע — אַריינצוזאָגן.

שפּאַנט ער אַרום אויף זיינע קורצע פיס, וואָס זיינען אים, אי רונדיק, אי שטאַליק, ווי דער קערפּער זיינער — רונד און אויסגע־פילט, מיט אַ ברוסט אַזאַ צעוואַקסענע — פאַנצערדיק; אַ קעסל אויף צוויי שטאַרקע פיס. האָט דאַכט זיך זיין פּאָנים, לויטן קערפּער באַ־דאַרפט זיין אויסגעפילט. איז דאָס פּאָנים גאָר אַ ביינִיק, מיט נאָז און אויגן אויפגעריסן; איין אויסגעשריי — העי, העי, אָט בין איך... און דער קאָפּ, וואָס טראָגט זיך הויך פאַרריסן, איז קליין און רונדיק, גלאַט געשאָרן, ווי אָפּגעטאָקט — אַ נוס אַ האַרטער, ניט צו צע־קנאַקן...

די כעווריע היצן זיך. אויסצוקאָכן די פרייע שאָ ביזן דעק — עס קאָכט, עס ראַשט; ווערטער לייגן זיך אין סקירדעס און עס צעפלאַקערט זיך אַ שייטער — רעוואָלוציע...

דער באַלעבאָס הערט זיך צו און בלאָזט מיט רויך פון זיין ציגאַר אין די וואָנצעס; זאָגן זאָגט ער אָבער גאָרניט; מיטאָג־צייט, איז ניט זיין צייט, און אַמעריקע איז אַ פרייע מעדינע — סמאַליען מיט דעם צונג מעג מען...

דערפילט דייווקע ווי עס טאָקט זיך אים אַ זאָג, אין זיין גע־טאָקטן קאָפּ, אַריינצושיסן ווי אַ קויל אין דער בויכיקייט פון באַלעבאָס, און טאַקע קלאָר מאַכן דעם איניען פאַר די בלייענע קעפּ, וואָס קאָכן זיך אַזוי און צעשמעלצן ניט דעם בליי אין זיי.

גיט ער זיך אַ לאָז ווי זיין טעווע איז, מיט קאָפּ פאַרריסענעם און ברוסט פאָרויס, די עלנבויגן העלפן אונטער, און דייווקע איז שוין אין מיטן.

אַ האַנט פליעסקעט זיך אים אין אַ האַנט, וואָס איז באַאַרבלט

מיט קורצינקע אַרבעלעך, און זיין צעוואָקסענע ברוסט וואָס איז נאָך
ווי צעשטאָרצט פון זיין העמד דער צעכראַסטשעטער, און בלייבט
שטיין ווי צו צילן מיט אַ פרעג, און אַ שאָס טאָן מיט דעם זאָג.

— איז אַנטקעגן דעם, וואָס איר היצט זיך — רעוואָלוציע אין
אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע...

— יאָ, יאָ, — כאַפּט מען אונטער.

— גאַנץ פּאַשעט, — מאַכט דייווקע.

— כאַ־כאַ־כאַ... צעכאַכעט מען זיך — פּאַשעט!

און דייווקע שטרעקט אַ האַנט, ווייזט אָן צום טיר:

— איר זעט, דעם צייט־היטער?

— מייזשווזשע, — פאַרריכטן אַנדערע.

— זאָל זיין אַזוי, — מאַכט דייווקע, ווי ער וואָלט גאָר פאַר־
געסן, אַז ער אַליין האָט דאָס אַזוי אַ נאָמען געגעבן.

— און מיר קושן די מייזשווזשע אַריינצוגיין אין שאַפּ, איז דאָס
קלאָר?

— קלאָר, קלאָר, — קייקלט זיך פון ציינגער ווי קריסטאָל אַראָפּ,
און דייווקע ציט אַ האַנט, אַ שאָס צו טאָן דעם זאָג אין ציל אַריין.

— דער באַלעבאָס איז אָבער אַן אַפּיקוירעס — קושט ניט די
מייזשווזשע...

— אויסגעצייכנט, — צעפלאַמען זיך ציינגער, ווי אַ נאָכקלאַנג
נאָכן שאָס.

— הייסט דאָס, — פּליעסקעט דייווקע ווי צו שטעמפּלען, —
די גאַנצע רעוואָלוציע דאָ איז צו מאַכן דעם באַלעבאָס קושן די
מייזוזע...

— הע, הע—הע... פאַרציט זיך אַ ניגנדל און פאַרפּלאָנטערט
זיך אין אַ קנויל:

— ווי ווועסטו דאָס אָבער מאַכן?

— נו מאַך, מאַך, — גיי מאַך!

און דאָ צערעדלט זיך דאָס רעדל און מאַלט ווי אַ מיל:

— ווען אַלע זיינען נאָר פאַראייניקט, איז איין בלאָז, פליט דער
באַלעבאָס ווי אַ באַלון איבער די רויכיקע קוימענס...

— הע—טע—טע—טע... צעהאַטשקעט זיך איינער, וואָס איז פול מיט פּראָטעסטן ווי אַ פּויק:

— וואָלט איר כאָטש געוועזן פּאַראייניקט, ניט צו פּעכניען אויפן פּיסק!

— אָט—טאָ—טאָ—טאָ... צעפּויקט זיך אַ צווייטער מיט אַ פינגער אין דאַליאָן, און ווייזט אָן די גאַנצע צאָרע...

— אַז, אַז—זאַז... מען רייסט זיך איינע די אַנדערע פאַר די נעז!

— אַז מ׳קען זיך ניט צעטיילן מיט דעם דאַכקעס!...

—הונגער וועט שוין אייך פאַראייניקן! — פייערט זיך אַ קאָל.

— אויפן בייסאוילעם... קומט אַ קאָל אין ענטפער.

דער באַלעבאָס שטייט דערווייטערט. קלייבט קלוימערשט איבער די קנעפּלעך, און שמייכלט אין די וואָנצעס... דייווקע באַמערקט דאָס און שפּרינגט אונטער ווי אַ גומענער.

— הונגער וועט שוין אייך אויסלערנען, צו מאָנען וואָס אייך קומט!...

— עמעס, עמעס, — גיבן זיך אַ שלייף עמעסן ווי שטאָל אָן שטיין, און די ראָד רעדלט זיך: — רייד וואָסערדיקע פליעסקען אונטער.

פאַקט בלייבט אָבער פאַקט. דייווקע האָט אריינגעזאָגט.

דערווייל ווייזט שוין אָן דער פינגער פון צייט־היטער, אויף איינס און מען דאַרף שוין ווידעראַמאָל שטעמפּלען, פאַרן צווייטן האַלבן טאָג. און מען האָט באַדאַרפט זיין אַ בלינדער ניט צו זען ווי מאַנכע האָבן זיך געשטעמפּלט יענעם מאָל.

עס גייט צו דער פּרעסער; אַ מענטש אַ נאַכטיקער, אַ וואָל־דיקער, מיט זיין בויך אין פאָרויס, וואָס איז פאַרהאַנגען מיט אַ פּאָרטעכל; נעמט ער זיין קאַרטל צושטעמפּלען און... ברומט עפּעס אין בויך אַראָפּ, — וואָס? האָט ער ניט געזאָגט, נאָר אַז ער האָט געברומט, האָט מען געהערט...

נאָך אים איז צוגעקומען אַנדריי, דער אונטער־פּרעסער, וואָס האָט זיך אין אַמעריקע דערוואָרבן אַ נאָמען — ענדרוס... שטעלט

ער זיך אַוועק אַט דער ענדרוס, צו שטעמפּלען זיין קאַרטל, און מאַכט עס, ווי ער וואָלט געהויבן אַ שווערן שטיין:

— וואָט טעבע אי מאַ־זשו־זשאַ...

נאָכדעם איז צוגעקומען דער, וואָס גייט איין די קנעפּלעך; אַ ייד מיט אַ גרויער באָרד, און די שפּיצן פון באָרד בליען שוין אַפילו.

ווישט ער זיך אויס פריער די שפּאַקולן, נעמט זיין קאַרטל, דרייט אַהער, אַהין; גיט אַ טראַט צום צייט־היטער, און... ווי אַן אומזעבאַרע האַנט וואָלט אים אָפּגעשטויסן פון דעם — אַוואוידע־זאָרע... טרעט ער אויף צוריק, ווי ער וואָלט ניט געקאַנט שטיין אין דאַלעד־אַמעס מיט דעם...

און ווען אַ צווייטער קומט צו שטעמפּלען; שטופּט ער אים דאָס קאַרטל — נאַ! פאַרשטייט דאָך שוין יענער וואָס ער מיינט, און שטעמפּלט אויך פאַר אים דאָס קאַרטל. און ער גיט אַ מאַך קאַסאָקע, אי מיט דער האַנט, אי מיט דער באָרד, ווי ער וואָלט פאַרווישט די גאַנצע זאַך — אַוואוידע־זאָרע!...

איינער לויפט פון גאַס. אַ בייניקער אַזאַ. אַ טרוקעניקער. ציט אַן אַקסל און שפּרינגט אונטער — קוקט זיך אַפילו ניט אום; מאַכט מען צו אים — הע... — ווי אָפּצוהאַקן זיין גאַנג. גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט, און טראָגט זיך ווייטער — עס שטייט אים ניט אָן.

שוין וואָסערע דרייסיק יאָר, אַז ער אַרבעט אָן אַט דער מאַכע־נאַציע, און נאַדיר גאָר צייט־היטער — נאַדיר!

—אַ גוילעם ווערט שוין דיר היטן דיינע שאָלעך דאָ! — פּונקט ווי אָן דעם וואָלט מען דאָ ווען עס איז געקענט גאַנוועגען צייט!

דאַרף מען דאָך אָבער פאָרט שטעמפּלען דאָס קאַרטל, ס'וועט דאָך פעלן אין די ביכער אַ האַלבער טאָג. זיצט ער ביי דער מאַשין, פּאָנים צום שאָפּ, וואָס איז אים ווי פּאַרמעט־גען, און בליצט מיט שפּאַרבער־בליקן צום טיר.

ווען עס קומט אַריין איינער פון גאַס און נעמט זיך פאַר זיין קאַרטל, רופט ער צו אים אויס איבערן שאָפּ, מיט אַזאַ לאָשן:

— ססעמקע, ססעמקע, קוס פאַר מיר די מייזשוזשע!

דער סעמקע איז קאָנטיק אַ ווייצלינג, און מאַכט דאָס אונטער־

טאַנצנדיק; פון פּאַרדרוס, כויזעקן איבער דעם; טאַנצט ער אונטער און שטעמפּלט:

— קאָדעש, קאָדעש... צום ער—שטן מאָל...

— קאָדעש, קאָדעש... צום צווײ—טן מאָל...

אָפּגעקאָדעשט די קאַרטלעך — קאַשער.. און גייט זיך צו זיין מאַשין.

דייווקע זיצט אָנגעלענט אין אַ פענצטער — אַ לעבעדיקער מאָנומענט פון אַ ראַם אַרויס, און קוקט מיט נאָז און אויגן אויף דער טורעמדיקער שטאָט.

זיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויף אַ מעשענעם הענדעלע וואָס דרייט זיך איבער אַ טורעם און פלאַקערט פאַר דער זון; זיצט ער ווי פאַרגליווערט און קוקט... פאַרבייגייענדיק פאַרטשעפּעט אים סעמקע:

— טאַמער, — זאָגט ער, — וואָלסטו גאַר אַרויסגעקרייט דיין עמעס דורכן פענצטער?...

און ווי ער זאָגט אים, אַזוי ענטפערט ער אים:

— הערסטו ניט, ווי דער עמעס קרייט פון די פענצטער?...

מען לאָזט דעם עלעקטריע-מאָטאָר, צערעדלט זיך דער וואָל מיט די רעדלעך, אין צווייטן האַלבן טאָג אַריין.

קומט נאָך אָן די איטאַליענערן פון גאַס, און מיינט, אַז זי האָט דאָ אויף לאַנג פּאַרשפּעקטיקט; טאַנצט זי אַרום דעם צייט-היטער; אַ פעטינקע אַזאַ און פריילעכט — ווייס אַפילו ניט ווי אָנצוהויבן זיך מיט דעם. פאַכעט זי מיט דעם קאַרטל צום שאַפּ — העי, יו, יו—יו!

דערהערט דאָס פון ערגעץ דער באַלעבאָס און באַווייזט זיך אין טיר: שטופּט זי אים דאָס קאַרטל אין פּאָנים אַריין:

— העי, יו, באָס — „פאַנטשאַ די פאַנטש“!

קומט ער צו איר און דרייט מיט דעם קאָפּ — אַ מינוט צו שפּעט! און שטעמפּלט דאָס קאַרטל פאַר איר, און זי קריגט די שליטע אין שאַפּ אַריינצוגיין.

די מאַשינען גייען, און איבערן שאַפּ שפּינט זיך אַ דינינקער שטאָלענער ניגן פון דער שנייד-מאַשין, ווי דאָס קאָל פון אַ פליג, באַ אַ שפּין אין געפאַנגשאַפט: זינגט אַזוי, דרינגט אַזוי, אַ דער די-

נינקער, גליאיקער ניגן, טיף אין די געהירן אַריין — מיט אַן אויג צו פאַרקנייפּן...

און דער היטער פון צייט וואַכט, האַמערט די רעגעס פון לעבן אַרויס. און די רעדער דרייען זיך, די רעגעס מאָלן זיך, אין מינוטן און שאָען — הייסינקע טעג.

— עס דרימלט ניט, און שלאָפט ניט דער היטער פון צייט...

# דאָס ליד פון אַמבאָס און האַמער

א

## פּאַרטאָגן ;

אַ ריזן אָדליער שנאָבלט זיך פון נאַכט־טול,
נאַכט שרימפּט צו די ברעגן ;
אָדליער דערוועקט זיך פון נאַכט — פרימאָרגן.
מיט בלוי וואָס בלויט, פרימאָרגן־בלוי,
בלויט, דאָס בלויט —
טאָג וועט קומען. אַ שטערן פינקלט זיך אין הימל —
ליכט און פרייד וועט קומען ;
אין מאַשין־פאַבריק — מאַשינען ;
געבערן מאַשינען.
די טאָק־מאַשין מיט דעם צאָן פאַרסטשירעט
די בויער־מאַשין מיט נאָז־פאַרשפּיצטן־נייגער —
זיינען גרייט.
די שרויפצוואַנג דאָס מויל צועפנט — וואַרט ;
אַלע זיינען גרייט.
דער עלעקטריע־מאָטאָר — דער נערוו פון מאַשינען,
וואַרט.
זאָל נאָר די גוואורע אַ יאָגטאָן —
מאַשינען, געבערן מאַשינען.
נאָר דער פונק — אַ גילגל פון זון אין מאַשינען,
כאַלעמט און כאַלעמט — צום אויפגלי. צום אויפבלי —
לעבן דעם אייגענעם לעבן — זון.

ב

אויף פליגל פון נעפל הויבט זיך דאָס וואַסער,
לעשן, פאַרלעשן די זון.
און זון קומט אַרויס זשאַרעדיק רויט,
מיט גליאיקע טריט איבערן נעפל —
טראָמפּלט, צעטראָמפּלט דעם נעפל.

ג

קומט זעט, קומט זעט, האַמער־טאַנץ;
איך אַמבאָס זינג אונטערן האַמער־טאַנץ —
איך אַמבאָס, טו זינגען...
עס האָט מיך פייער געשמאָלצן, געשמאָלצן,
עס האָט מיך וואַסער, געגליווערט, געגליווערט —
איך אַמבאָס, טו זינגען...
זון אין מיר וויל, וואו זון דאַרף זיין;
טראָמפּלען מיט גליאיקע טריט איבער נעפל,
כוימער אין מיר וויל, וואו כוימער דאַרף זיין;
רוען אין אור־רו, רוען —
איך אַמבאָס, טו זינגען...
רוקן מיין רוקן — געקנאָטענער שטאָל,
האַמער טאַנצט אויס מיין שטאָליקן קאָל;
אייזן, מיין אייזן, טאַנצט איבער מיר —
איך אַמבאָס טו זינגען...
קלאַנג פון זילבער, קלאַנג פון גאָלד,
אויער פאַרנעמט אין מיין שטאָליקן קאָל,
וואָס ווערן געקנאָטן אויף מיין רוקן פון שטאָל, —
איך אַמבאָס, טו זינגען...

ד

און איך טאַנץ, טאַנץ, טאַנץ,
האַמער־טאַנץ.
אין די הויבנדיקע הענט,
טאַנץ, טאַנץ:
טיפּט דער דיל זיך אונטער מיר,
אונטער מיר.
הויבט סופיט זיך איבער מיר,
איבער מיר.
און איך טאַנץ, טאַנץ, טאַנץ,
האַמער־טאַנץ.
אין די הויבנדיקע הענט,
טאַנץ. טאַנץ:
שיידים, רוכעס — די פאַנטאַזיע פון אַמאָל,
פון אַמאָל —
פאַנצער, פאַנצער איך מיט אייזן און שטאָל.
הויב — זעץ. הויב — זעץ.
קנעט. קנעט.
און אינעם הויב איבער קעפּ,
איבער קעפּ,
בויגט די וועלט זיך אין אַ בויג,
אין אַ בויג,
אין אַ האַלב־לעוואַנעדיקן — בויג, בויג, בויג.
הויב — זעץ, זעץ, זעץ,
זעץ, קנעט.
שפּריץ, שפּריץ, שפּריץ, שפּריץ,
פונקען שפּריץ.
זעץ — קנעט. זעץ, קנעט —
צי — צעצי:
פאַנצער, פאַנצער אין דעם אייזן און שטאָל —
די פאַנטאַזיע פון אַמאָל, פון אַמאָל:

טאַנץ — טאַנץ — טאַנץ — טאַנץ —
האַמער־טאַנץ.

ה

עס ציטערן די ווענט,
עס פלאַפלען די פענצטער;
גאַנג פון מאַשין — טאַנץ פון מאַשין.
טאַנץ פון מאַשין — קלאַנג פון מאַשין;
עס גייען מאַשינען.
צערעדלטע רעדער שלינגען פּאַסן,
רעדלען, רעווען — רעדן אַריין;
דרייט זיך, דרייט זיך, איבערדרייטע,
איבערדרייטע, דרייט זיך ווידער;
טאַנץ פון מאַשין — קלאַנג פון מאַשין,
און אַמבאָס הילכט אַריבער;
קלאַנג. געזאַנג. — באַשאַף.
ערגעץ אין אַ ווינקל גאַרגלט זיך אַ פייל,
מיט דעם גאַרגל פון אַ גאַנער;
עס גייען מאַשינען.

# דעם זיידנס מיל

(יאַסעלען)

יאַסעלעס טאַטע איז נאָך אַ קליין יינגל געווען;
ער האָט שוין אָבער געקענט אַזוי גיך לויפן, אַז זיין מאַמע האָט
אים ניט געקאָנט כאַפּן. איז ער איינמאָל געלאָפן צום בערגל וואו
עס איז געשטאַנען דעם זיידנס מיל; זעט ער ווי פון אַ הויכן קוימען
איבערן דאַך פון מיל, זעצט אַזאַ רויך, אַזש עס פאַררויכערט זיך דער
הימל, און פון אַ קליין קוימענדל הוסט. טראַכט ער. די מיל מוז
אַוואַדע זיין קראַנק — די מיל הוסט...

וועט ער לויפן זען, אָן, קיינעם, ווייל ווען ער גייט מיט די
גרויסע, האַלט מען אים אַזוי שטאַרק ביי דער האַנט... און וואָס
וועט ער זען, ווען ער גייט מיט זיי? מען קומט נאָר צו, וואו די
טויערן זיינען צועפנט; מענטשן טראָגן זעק אויף די רוקנס, און
אַז מען קוקט אַריין אינעווייניק, זעט מען ווי די מענטשן טומלען
זיך עפּעס אין פאַרמעליקטן מיל, און ווען איינער וויל דעם צווייטן
עפּעס זאָגן; שטעלט איינער אָן אַן אויער און דער צווייטער שרייט
אַריין, — ווילט זיך לאַכן...

און פאַרמעליקט זיינען זיי, — ווײ—ס. די ברעמען אַפילע, די
בערד; אַזעלכע ווייסע בערד ווי באַ זיידעס.

דער ווינט אַפילע איז דאָרט אַ פאַרמעליקטער און מאַכט בלינד
די אויגן...

ער וואָלט אָבער וועלן זען וואו עס דרייט זיך, פון דאָרט וואו
עס גייט אַ רויך... און דרייען, מוז זיך דאָרטן דרייען אַזוי שטאַרק,
אַז עס טרייסלען זיך די ווענט.

פאַרלויפט ער אַהינטער אַרום און זעט ווי עס איז אָפן פון אַ
גרויסן טויער, אַ קליין שמאָל טירעלע. קומט ער צו און קוקט.

דרייט אויס אַן איינגעבויגענער מענטש אַ פּאָנים. און דאָס

פּאָנים איז איינגעשמירט אין סאַזשע און אויל, וואָס גלאַנצט — שוואַרץ. אַזאַ פּאָנים, גיט זיך אים אַ טראַכט מוז האָבן אַ שעד... (יאָסעלעס טאַטע איז נאָך דאַן געווען אַ קליין נאַרעלע; ער האָט געמיינט אַז ס׳איז דאָ אַזאַ מין זאַך ווי שיידים...)

און דער מענטש הויבט אַ גראָבן שוואַרצן פינגער — וואָרנט אים עפּעס, ווי ער וואָלט זיך געבייזערט. קוקט ער צו אים און זאָגט: — די מיל איז קראַנק. די מיל הוסט...

צעשמייכלט זיך דער שוואַרצער מענטש — ווייס. גייט און שטרעקט אַ שוואַרצע האַנט דורך דער שמאָלער טירעלע, און גיט אים מיט דער האַנט אַ גלעט.

— דאָס מוז זיין אַ גוטער גרויסער. זאָגט ער צו זיך און בעט אים, אַז ער זאָל אים לאָזן קוקן.

זאָגט דער מענטש, — קוק.

זעט ער, ווי אַ ווייסער פלאַם וואָלט זיך עפּעס געדרייט איבער אַ מין טיש, און דער מענטש רוקט צו אַ שטיק בוים, און עס שניידט און עס זינגט...

פרעגט ער: וואָס שניידט? און וואָס זינגט?

זאָגט דער מענטש, — אַ זעג. און זעגנדיק זינגט עס...

—אַ זע—ג? און דערביי לויפט עפּעס אַ ברייטער פּאַס: איז וואוהין לויפט דער פּאַס?

טרעט ער אַריבער מיט איין פוס די שוועל; איז ער אַזש אַ פּאַרציטערטער געוואָרן; דער פּאַס איז אָנגעטאָן אויף אַ מוירעדיק ראָד; ער האָט אַזאַ ראָד אין זיין לעבן ניט געזען... און דאָס ראָד דרייט זיך איבער אַ מוירעדיקער זאַך — דרייט, און דרייט...

פרעגט ער, — ווער דרייט די ראָד?

זאָגט דער מענטש, — פייער, זונעלע, — פייער.

— פיי—ער? האָט ער אים שוין מוירע פרעגן — פאַרוואָס? ווייל ער קען נאָך אים אויך אַ זאָג טאָן — פאַרוואָס, פאַרוואָס, גרויסע נאָז... און ער האָט דאַכט זיך ניט, קיין גרויסע נאָז.

שווייגט ער און קוקט; פילט ער טאַקע ווי אין דער מוירעדי־קער זאַך זשאַרעט עפּעס, ברענט...

און אַז דער מענטש האָט אַן עפן געטאָן אַ טירל האָט די מוירע־

דיקע זאַך, צעעפֿנט אַ מויל וואָס פֿלאַמט... און ער נעמט נאָך שייטער האָלץ, וואַרפֿט און וואַרפֿט, אין פֿלאַמיקן מויל אַריין, און דאָס מויל שלינגט...

— זעסטו, זאָגט דער מענטש, — פֿייער.

און ווען ער האָט צוגעמאַכט מיט אַ שטעקן דאָס טירל. האָט ער נאָך שטאַרקער געפֿילט, ווי עס זשאַרעט זיך דאָרט, ווי עס ברענט...

און אויבן גאָר אויבן — דאָרט אַ, איבער דער מוירעדיקער זאַך, וואַרפֿט זיך עפּעס ווי אַ קני, אַזוי שווינדלענדיק שנעל, מיט דעם אויג ניט צו כאַפּן. און עפּעס סאַפּעט דאָרטן און כאָרכלט זיך; צי נאַרט אים ניט דער מענטש? דאָרט הינטער אָרום מוז שטיין אַ לעבעדיקע באַשעפֿעניש, וואָס דרייט דאָס ראָד און דרייט...

אָבער דערשרעקן זיך פֿאַר דעם, האָט ער זיך ניט דערשראָקן, ווייל אַ מענטש איז דאָך געווען; נאָר ביינאַכט... צי עס האָט זיך אים געכאָלעמט, צי אַ וואַכיקן געדאַכט, ווי אַ מוירעדיקע גרויסע כייע מיט אַ פֿלאַמיק מויל און רויכערנדיקע נאָזלעכער, דרייט מיט אירע ווייסע לאַפּעס דאָס ראָד, דרייט און דרייט...

און דער איינגעשמירטער מענטש גלעט אים מיט דער שוואַרצער האַנט, זאָגנדיק, — האָב ניט מוירע זונעלע; דאָס אַרבעט פֿאַר די מענטשן.

און אַז ער איז גרעסער געוואָרן: אַזוי אַז ער האָט שוין גע־מעגט אַליין לויפֿן אין מיל און קיינער האָט אויף אים דערפֿאַר ניט געשריען, האָט ער שוין געוואוסט ווי עס אַרבעט די דאַמף־מאַשין, ווייל דער מענטש פֿון מיל האָט אים אַלץ דערקלערט; ווי דאָס פֿייער וואָס פֿלאַמט, זידט אויף דאָס וואַסער אין קעסל, און ווי דאָס זידנדיק וואַסער, זעצט מיט דאַמף אין צילינדערס און ווי דאָס אַלץ מאַכט דרייען דעם ראָד.

ער האָט אים אַפֿילע געהאָלפֿן פֿאַרדרייען שרויפֿן אין מאַשין, אַריינדרייען אַ רער, וואָס האָט אַזוי געשמעקט מיט דאַמ—ף.

מענטשן פֿלעגן זיך צוזעצן אויף קלעצעלעך אַרום קעסל וואו עס האָט זיך געהייצט, צו רויכערן די ליולקעס; רויכערן און טרייס־לען די בערד, אָפּצעטרייסלען דאָס מעל, און ריידן פֿון פּאַרצייטן ווען מ׳האָט נאָך געדרייט אַ זשאַרנע מיט דער האַנט צו מאָלן מעל,

און מען זעט נאָך, דאָ און דאָרט אַ זשאַרנע־שטיין — אַן אײדעס, ליגן ביי אַ שוועל פון דאָרפישע היימען.

העלפט דאָך טאַקע די מאַשין די מענטשן. טוט דאָך טאַקע די מאַשין גוטס.

און אַ כוץ דעם, איז עפּעס אַזאַ וואוילע שיינע זאַך די מאַשין, און מען קען דאָס קימאַט אַזוי ליב האָבן ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. און אים האָט זיך טאַקע אויסגעדאַכט, אַז ער האָט אַ סאַך ליבער די מאַשין, ווי אַט די מענטשן, וואָס טרייסלען די בערד און ריידן פון שווערע צייטן; דערציילן מייסעס, ווי מען שלעפּט געהילץ צו דער טייך בעריאָזע. און מייסעס פון וועלף און פערד — אַזעלכע בייזע גרויע מייסעס ווי די וועלף...

עס איז אַזאַ צאַר אויף די מענטשן וואָס טראָגן איבער אַזעלכע שווערע צייטן. און אַזאַ ראַכמאָנעס אויף די פערד, וואָס שלעפּן אַזעל־כע שווערע וועגענער.

מען וואָלט באַדאַרפט אין אַלץ איינשפּאַנען די מאַשין, זאָל זי שלעפּן די שווערע צייטן און די שווערע וועגענער.

# און עס דרייט די ראָד

און עס דרייט די ראָד;
עס האָט דער אורמענטש געקייקלט אַ קלאָץ. איז שווער געווען
און אַז ער האָט געקייקלט אַ קירצערע איז געוואָרן גרינגער —
ביז ער איז געקומען צום געדאַנק פון ראָד.
האָט ער דערזען ס׳איז גוט;
פאַרצייטן און צייטן זיינען פאַרגאַנגען, און עס דרייט די ראָד;
באַ דער לעבעדיקער שלעפּקראַפט, קריכן די אויגן אַרויס.
ביז בלוט און טויט — דערלייז!
האָט זיך די פאַנטאַזיע געצונדן. האָט זיך די פאַנטאַזיע צעברענט
אין העל־זען, — שיידים;
צענהענטיקע, צענפיסיקע, מיט פלאַמיקע מיילער, און רויכנדיקע נאָזלעכער,
מיט אַ גוואורע וואָס רייסן בערג...
לאָמיר פאַנצערן פאַנטאַזיע — מאַכן אַ מאַשין.
לויט אונדזער פאַרשטייעניש, לויט אונדזער געמיט —
באַ דער לעבעדיקער קראַפט, קריכן די אויגן אַרויס,
ביז בלוט און טויט!
און דער וואָס האָט דעם טויהו ואוואויהו פון איידער שאַפן געזען.
דער וואָס האָט פורעם געזען.
און דער׳ וואָס האָט דאָס הארץ פון דער ערד דערפילט.
דער וואָס האָט דעם אַרץ געגראָבן.
און דער׳ וואָס האָט פון דעם אייזן געגאָסן — דעם האַמער געמאַכט
און דער׳ וואָס הויבט דעם האַמער —
אַלע אַלע מאַכן די מאַשין.
און אַז מען האָט געמאַכט די מאַשין, האָט מען דערזען ס׳איז גוט.

און עס קען נאָך בעסער, פאַרבעסערט ווערן:
דער וואָס האָט אַ געדאַנק אַרויסגעבראַכט,
און דער וואָס כאַפּט אויף דעם געדאַנק —
פאַרפּאַנצערן אין שטאָל.
אַלע, אַלע מאַכן בעסער די מאַשין,
לויט אונדזער פאַרשטייעניש, לויט אונדזער געמיט.
און עס דרייט די ראָד — דרייט מילי־מילאָנען רעדער;
די פּאָסן וואַרפן זיך ווי שלאַנגען — דערלייז!
און דער מייסטער ליגט אונטער די רעדער...

# דער אַלטער מייסטער

אַגעוו אַ נאָכקלאַנג פון מיין דראַמאַטישער פּאָעמע — מייסטער טאָמאַס. וואָס איז אַ בוך פאַר זיך.

זיין הויז איז אַלט, זייער אַלט, און ער אַליין איז אַלט; זיצט ער אין זיין וויגשטול ביי דעם אַלטן קאַמין, רויכערט די ליולקע און זעט ווי אין אַ כאַלעם זיינע טעג די פאַרגאַנגענע; — אַזעלכע פייערדיקע טעג זיינען דאָס געווען, אַזעלכע זשאַריקע נעכט. און וואונדערט זיך: ווי האָט דאָס אַ מענטש געקאָנט אַזוי דורכ־פלאַמען אַ לעבן? און וואָס איז דאָס פאַרט אַזוינס אין מענטשן, וואָס קען אַזויפיל אויסשטיין?

ער הויבט אַ האַנט וואָס פאַלט מיד אויף זיין קני, ווי די האַנט וואָלט פון וואַקס געווען — ניטאָ שוין די נאַגעניש פון איידער שאַפן און ניט דער ברען, ווען די פאַנטאַזיע האָט זיך געצונדן פאַר אַנטפּלעך־קונגען אַזעלכע; אַ קעלט נעמט אים דורך, ווי דער קילער געדאַנק זיינער, וואָס מעסט און וועגט אים נאָך זאַכן פאַרטיקע שוין...

ער פאַרציט דעם רויך פון ליולקע פאַרמאַכנדיק אַזש די אויגן, און דערזעט אין ראַיען — שנייאיקע פעלדער, פעלזן אייז, וואָס שפּאַרן אַזש אַן אין הימל — פראָסט. ווי אויף אַ בילד אַ געמאָ־לענער...

— מאַ — רופט ער אויס — מאַ, ברייננ מיר דעם וואָלענעם שלאָף־ראָק...

זיין ווייב קומט אַריין, טראָגנדיק דעם שלאָף־ראָק אויף זיך. טוט אויס און דערלאַנגט עס אים, פרעגנדיק:

— עפּשער, מאַכן טיי?

— יאָ, זאָגט ער, — ס'וואָלט גוט געווען, טיי.

זי גייט אַרויס אויפקאָכן טיי, און ער באַגלייט זי מיט אַ בליק:

— וואָס פאַר אַ וואויל מיידל דאָס איז געווען אַמאָל, און ווי זי איז דאָס אים געקראָכן אין די אויגן...

אין די ברענענדיקסטע מינוטן פון זיין מייסטערן פלעגט זי אים קריכן אין די אויגן, און פרעג — וואָס ? גאָרניט. צוטשעפּענישן אַזעלכע... און ווי האָט ער זי דאַן, אין זיין ווילדקייט ניט פּאַריאָגט פון זיך.

מערער נאָך, ווען ער האָט דערפילט אַז זי האָט אַ ווילדע האַנאָע פון דעם, האָט ער איר דעם פאַרגעניגן פאַרגונען...

אָבער וואָס איז דאָס פאָרט פאַר אַ שעד אין זיי, צו ווערלן באַ־הערשן אַזוי אַ מאַן, וואָס צייכנט זיך אויס אויף וועלכן עס איז געביט ?...

און פון ווענען וואָלט ער געקאָנט, אַזוינס זיך אויסשטיין ?...

איצט פאַרשטייט ער דעם סאָד ; דער ווילדער אָקס אַפילע, פאַררייסט דאָך זיינע מעכטיקע הערנער צום הימל, פאַר זיין ווייב — די קו...

און עפּשער זיינען גאָר געווען אירע קאַפּריזן, אַ דערלייכטערונג פאַר אים, אין זיינע קאַמפן צו באַקעמפן דעם שטאָל.

„מיידל האָט ער זי גערופן. און זי אים — „שעד" ווייל אַזוי האָט מען אים אַ צונאָמען געגעבן — דער שעד פון שטאָל און אייזן.

זי האָט געכאָלעמט פון אַ קינד, און ער וועגן זיין מאַשין. און די מאַשין איז געקומען און אַ קינד איז געקומען ; רופט ער זי פון דאַן אָן, לויט דעם שטייגער דאָ, — מאַ. און עפּשער אויך דערפאַר, וואָס זי איז געוואָרן מאַמיש אויך צו אים. — און אָט דעם געפיל האָט ער ווי געהייליקט אין האַרצן, ווייל וואָס פאַר אַ שעד ער זאָל ניט האָבן געווען, פלעגט זיך זיין האַרץ אַזוי אָפּט צעווייגען — מאַמע. ווי באַ אַ קינד... און זי האָט דאָס באַלד דערפילט און אַזוי טיף פאַרשטאַנען.

אַזוי האָבן זיי זיך געעלטערט, — זאַט מיט יאָרן. זיין מאַשין אָבער ווערט אַלץ אינגער און שטאַרקער ; אַלעמאָל קומט ווער און גיט עפּעס צו — אינגער און שטאַרקער צו מאַכן די מאַשין. אַזוי אַז עס קומט שוין צו אַ פּונקט ; ווייטער דאַכט זיך אים, ווערט מען שוין ניט גיין...

זיינען זיי גאַנצע כאַכאָמים היינט צו טאָג. אָט נעמט זיין זון — אַ גאַנצער כאָכים... זיצט אין אַ ליכטיקן אָפיס און צירקלט מיט זיינע ווייסע הענט אינזשינערסקע צירקלען אויף פּאַפּיר ; וואָלט

ער געגומען אַ געצייג אין האַנט, ווי ער אַמאָל, טאַקע דאָ, אונטן, אין קעלער־שטוב, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין שאָפּ, און פּרובירן עפּעס אַרויסברייגנגען . . .

און וואָס רעדט ער געצייג? וואו האָט ער עס דען, דעמאָלט געהאַט דאָס, וואָס מען רופט היינט געצייג? אַפילו אַ טאָק־מאַשין, אַט די אַלטע טאָק־מאַשין, איז געווען פאַר אים אַ טרוים, — ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן, און ווער וואָלט דאָס איצט געוואָלט אויף אַזעלכע אַרבעטן.

זיינען זיי כאַכאָמים; אַוועקגעשטעלט אַ ביניען, וואָס מיידט אויס שווייס און בלוט פון אַרבעט און ערשט איצט איז צו זען, וואָס פאַר אַ באַליידיקונג ס׳איז פאַר דעם מין מענטש, וואָס פאַר אַ דער־נידערונג פאַרן לייב — שוויצן באַ דער אַרבעט!

אָבער איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין ערגעץ פאַר־שריבן געוואָרן אין די געזעץ־ביכער, אַז דעם ביניען באַזיצן גאָר אַנדערע — ס׳איז ניט זיינער . . . כאָטש ער קען דאָס, ביי זיך, בעשום אויפן ניט דאַכטן — וואָס הייסט? ער האָט דאָך געבויט! ער איז דאָך דער מייסטער!

זי טראָגט אַריין טיי. ער נעמט זיך טרינקען, און עפּעס בליצט ביי אים פון די אויגן זיינע . . .

— וואָס שוין ווידער?

— גאָרניט, מאַ, גאָרניט . . . — ענטפערט ער מיט זיין אַמאָ־ליקער הערויאישקייט . . .

— יאָ, גאָרניט . . . — פאַרציט זיך איר דער אָטעם טיף אין די לונגען אַריין, און זי זיפצט אַרויס: — טאַקע, גאָרניט . . .

ער לאָזט אַראָפּ די ברעמען זיינע, וואָס בייזערן זיך אַזוי שטאָ־ליק־גרוי, צו פאַרשטעלען די אויגן פאַר איר, און ער זעט, ווי עס פלאַקערט זיין נאָמען פון שילדן אַראָפּ. און ווי דאָס פלאַקערן וואָלט אים אי געגרויסט. אי גערייצט זיך מיט אים — אַזעלכע דיניקע הערע־לעך פייער, ציען זיך אין די געהירן זיינע און רייצן זיך מיט אים:

— אויסגענאָרט . . . אָפּגענאָרט . . . אַן אָפּגענאָרטער אין טויט אַריין, אין טויט אַריין . . .

ער כאַפּט זיך צו דער גלאָז טרינקען, וואָס ציטערט אין זיין

האַנט און קריגט זיך גלאַזיק מיט זיינע ציינער — אָפּגענאַרט...
אויסגענאַרט... אַן אָפּגענאַרטער אין טויט אַריין...

און די פרוי לייגט איר פּוכקע ווייסע האַנט אַרום זיין נאַקן:

— באַרואיק זיך, פּאַ. באַרואיק זיך...

און ער טרינקט פּאַרטריקנט, דעם סאַם פון צאַר און טרייסט זיך מיט דעם וואָס עס זאָגט זיך אַרויס פון אים: איין סאָף פאַר אַלע... איין פינצטערער סאָף!

זיין בליק פאַלט אויף דער ליולקע, וואָס שלאָפט אין זיין ליני־קער האַנט; די האַנט וואָס האָט גערוט אויף זיין קני, הויבט זיך, צו טראָגן די ליולקע אין מויל, און ער נעמט זי באַטראַכטן; ווי ס'וואָלט עפּעס געווען אַזאַ שאָד, איבערצולאָזן די ליולקע...

און זי וואַרפט צו אַ שייטל האָלץ אין קאַמין, וואָס כאַפּט זיך אַרום מיט פלאַמען און פליגלט אַזוי; דער שיין פאַלט אויף זייערע אַלטע פּענימער, און אין דרויסן איז טריב, אַזוי כמורנע־טרויעריק: אַ שנייעלע פאַלט און צעגייט זיך ביים פאַלן.

און זי קוקט אין קאַמין און שווייגט — אַזויפיל כאַלוימעס אירע זיינען מיט דעם רויך פון קאַמין צעגאַנגען... אַזויפיל יונגע טעג, אַזעלכע נעכט, ווען דאָס בלוט האָט אַזוי הייס געזונגען...

איז זי געזעסן דאָ, איינע אַליין, ביים קאַמין, און ער... אונטן אין קעלער־שטוב, ביי זיין מאַשין, און אַן איר פאַרגעסן... אַ ווי זי האָט דעמאָלט פיינט געהאַט — דאָס פאַרגעסן אַן איר!

ער כאַפּט אויף איר געדאַנק, און צעשמייכלט זיך — און זי, ווי צו באַהאַלטן אירע געדאַנקען פון אים, ווייזט אַן צום פלאַם און זאָגט:

— וואַרימער געוואָרן...

— יאָ, — זאָגט ער, וואַ—רימער געוואָרן...

און וואָס זאָלן זיי ריידן, אַז זיי פאַרשטייען זיך, ווי די זשיראַפן, שטומערהייט...

זי, אַזאַ ליכטיקע אַלטשינקע, ווי אַ ליכטעלע, וואָס העלט. און ער אַ טאַטע פון אַן אויפּטו. פון די אַלטע טאַטעס מיט די אויס־געריוכערטע ליולקעס, וואָס צאַנקט שוין ווי אַ ליכט פון וואַקס...

— הע—רסט דאָך, — רופט ער זיך אָפּ ווי אין מיטן אַ געשפּרעך,

און דרייט זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אַרומגעקוקט אין די ווינקלען פון זיין הויז.

— יאָ, זאָגט זי, וויסנדיק שוין אין פאָרויס, וואָס ער האָט צו זאָגן.

ווען אַ מענטש ווייס נאָר ווי אויסצענוצן זיין באַרוף, איז דאָס לעבן פאָרט אַ געזאַנג, וואָס רייסט זיך צו דערגרייכונגען אַזוינע... און ווי וואָלטן זיי דען אַנדערש געלעבט אַז זיין באַרוף איז געווען — זיין מייסטערשאַפט; דיקטירט פון אַזאַ מעכטיקן דראַנג צו פאַר־גרינגערן דאָס לעבן פון מענטשן. און אַז מען האָט שוין אַפילו אַרי־בערגעכאַפּט די מאָס מיט דער מאַשין און אַן דעם מענטשן פאַרגעסן. וועלן זיי זיך אָבער פאָרט דערמאָנען, אָט די פאַרגעסענע, אַז זיי זיינען דאָ צו לעבן דאָס לעבן!

און לאָמיר אויפהאַלטן אונדזער עלטער, ביז די ערד וועט איינ־זאַמלען אונדזער געביין, אין דעם אומפאַרמיידלעך, אומענדלעכן פאַרגיין...

# פאַרשוועכטע מעלאָכע

ס'איז אַ שאָפּ אַזאַ, וואו מען ווענדט אָן אַלע מיטלען אַריינצועסן זיך אין לייב און לעבן. וואו מען דאַרף, איז מען אַפּילע נידעריקער ווי גראָז, שטילער פון אַ שטייענדיק וואַסערל, אַבי וואָס אַרויסצוקריגן פון יענעם. און דער פאַרענטפער אויף דעם אַלעמען איז: ביזנעס. נאָך אַזאַ אַרגומענט איז שוין ניטאָ וואָס צו ריידן — ביזנעס!

מאַכן מאַכט מען דאָרטן פּאַסיקעס פאַר פרויען־קליידער. און געמאַכט ווערן זיי פון לעדער, צאַראַט און נאָכגעמאַכט לעדער און אַפּילע פון זאַמש און מען שטעפּט אַרום דעם ברעג מיט אַ שטעגעלע שטעך פון שיינקייט וועגן.

רופט מען איינמאָל אַהין אַ מעכאַניקער אַזאַ, צו פאַרריכטן אַ מאַשין, ווייל די זאַמשענע פּאַסיקעס, וואָס זיינען פון גאָר ווייכן לעדער, קומען אַרויס צעצויגן און צעדרייט פון דער מאַשין.

איז איידער ער איז נאָך אַריבערגעטראָטן די שוועל פון שאָפּ, האָט ער שוין דערפילט, אין דעם קלאַנג פון די מאַשינען אַ רוגזעניש פון צעפייניקט לייב און לעבן ביי דער מאַשין.

עס קומט אים אַנטקעגן דער באַלעבאָס, אַ געפּאַקטער אַזאַ, אַ ברייטער, און רודע אויגן קוקן פון אונטער זיין ברייטן שטערן אַרויס; לויטן הוילעך דערקענט שוין דער באַלעבאָס צו וואָס דער מענטש איז געקומען, און פירט אים צו דער מאַשין — אַזוי און אַזוי.

זאָגט אים דער מעכאַניקער, אַז פאַר דער אַרבעט פאָדערט זיך אַ ספּעציעלע מאַשין און דאָס גלייכסטע וואָס ער קען טאָן איז קויפן באַ דער קאָמפּאַניע אַזאַ מאַשין.

— אָ, — קוי—פן... הייבט ער אָן מורמלען ווי אַ וואַסערל אַ שטילס, — דעפּרעסיע... אַ ספּעציעלע מאַשין... ווער קען דאָס דערוויַיזן? און שטעלט אָן אַ פּאָר נעבעכדיקע אויגן מיט דעם

גלאַנץ פון אַן אָפּגעריבענער מאַטבייע, כאַטש נעם און שײנק אים אַזאַ מאַשין... דער מעכאַניקער גיט אַ פיר די אויגן איבערן שאָפּ און טראַכט: ווי טראָגט מען זיך אָפּ פון דאַנען וואָס שנעלער...

כאַפּט אים אָן דער באַלעבאָס ביים אָרעם און רעדט צו אים, ווי ס'וואָלט אים געטריפן האָניק פון די ליפּן; — אַז ער ווייס, אַז ער קען אַלעמאָל וואָס צוטראַכטן, אַרויסצעקריכן פון אַ צאָרע. און דערפאַר טאַקע האָט ער אים אויפגעזוכט און גערופן — אַרויסצע־קריכן פון דער צאָרע, ווייל ער האָט געהערט, אַז ער איז אַזאַ און אַזעלכער — ער דאַרף נאָר וועלן...

דער מעכאַניקער קוקט אָן זיין פּאַרצעף, זיין ברייטן אויסגע־קראָכענעם שטערן, וואָס איז באַקרויזלט מיט שיטערע געלע הערלעך. — אַ „דזשעלי־פיש" וויל ער אַ זאָג טאָן צו זיך, — אַ „דזשעלי־פיש". נאָר ער דערזעט די בינטלעך קנייטשן, אויף די שלייפן, וואָס פאַרקניפּן זיך אים אין די ווינקלען פון די אויגן זיינע און דערציילן, אַז דאָס אַלץ איז געמאַכטקייט... ליגן! — אַריינצוקריכן יענעם אין די ביינער אַריין, — אַ פוקס אַ כיטרער!

דאָס מיידל הייבט אויף דעם קאָפּ פון דער מאַשין, זעט ער, איר אָנגעווייטיקט פּנים, מיט די פאַרלאָפענע אויגן, טראַכט ער פון דעם צאַר, וואָס זי האָט דאָ באַ דער אַרבעט. דער באַלעבאָס באַמערקט דאָס און טראָגט זיך אָפּ, טדאַכטנדיק, אַז דאָס מיידל וועט שוין אויף אים ווירקן, ער זאָל אַ שליף טאָן זיין שאַריק (מויאַך) וועט ער שוין וואָס צוטראַכטן.

און דער מעכאַניקער בויגט זיך אָן צום מיידל און זאָגט:

— דו, מויד, דו... וואָס עסטו זיך דאָס האַרץ אַרויס? דו, מויד, דו!

איר ווערט גוט פון זיין אינטימען טאָן, הויבט זי אָן פאַר אים צו מאַסערן — אַראָפּצורײדן זיך פון האַרצן, ווי פאַר איינעם אַ גאָר נאָענטן, מיט אַ טאָן אַזאַ צעפּייניקטן:

— אַז ס'איז אוממעגלעך צו אַרבעטן אָט די אַרבעט אויף דער מאַשין. און ווען ער קריגט אַריין די אַרבעט; עסט מען זיך דאָס האַרץ אַרויס, און דערצו איז נאָך פון אים ניט אויסצעהאַלטן!

— איז זאָל ער זיך עסן זיין אייגן האַרץ — זאָגט דער מעכאַני־קער אין איר אַריין ווי אַ שפּרוך.

— „דאַטס־רייט״ —דערטראָגט זיך צו אים אַ זייטיקער קאָל. ער גיט אַ קוק. זיצט אַ יונג ביי דער מאַשין, וואָס האַקט אויס לעך־לעך אין די פּאַסיקעס. גיט ער אַ זאָג צו אים:

— און דו ביזט דאָ, דער שיסער...

— יעס, יעס, — ענטפערט דער יונג, טרייסלענדיק מיט זיין טשופּרינע: — איך שיס דאָ אויס פּוסטע לעכלעך פון כינעזישן געלט...

שמייכלט דאָס מיידל אויף דער מאַראָכע דאָ און פרעגט אים: אַז עפּשער קען ער וואָס צוטראַכטן, אַז זי זאָל קענען אַרבעטן.

— עך, דו מיידל, — ענטפערט ער איר; וואָס דו קענסט שוין דאָ דערלעבן זיך, ווען די מאַשין זאָל אַפילע אַרבעטן.

און ער זעט, ווי דאָס בליט ווי אַ בלימעלע, מיט דעם רייעך פון קאַרשן.

— גוט, זאָגט ער, — איך וועל פּרובירן צוזאַמענשטעלן אַ קאָמבינאַציע, צו פירן דעם פּאַסיק און ברייננגען מאָרגן פרי, דערוויילע אַרבעט אויף די אַנדערע פּאַסיקעס און דער איקער ניט אָפּעסן זיך דאָס האַרץ; דו הערסט, מיידל, — ניט אָפּצועסן זיך דאָס האַרץ.

— אָלרייט, — זאָגט זי. און ער לאָזט זיך גיין צום אַרויס־גאַנג. זעט ער ווי דער באַלעבאָס שטייט נעבן שנייד־מאַשין, און דער וואָס אַרבעט אויף דער מאַשין שפּרינגט אונטער, ווי אַ צאַפּ, אַרונטער־לאָזנדיק דאָס מעסער פון מאַשין. שטעלט דער מעכאַניקער זיך אָפּ אַנצעקוקן; און וואָס דער באַלעבאָס זאָל ניט זאָגן דעם מענטשן, ענטפערט אים יענער פריער פון אַלץ מיט אַ „פּראָשע־פּאַנאַ״ און שפּרינגט אונטער ווי אַ צאַפּ: דער מעסער ווי אַ מעכטיקע קרומלעכע שווערד, לאָזט זיך אַרונטער, און אַ רויטער פּאַסיקל פאַלט אָפּ פון דער מאַשין. ווערט דעם מעכאַניקער עפּעס פריקרע פון דעם, ווייזט ער אָן אויף דער מאַשין און זאָגט:

— די גי—ליאָ—טי—נע...

דרייט דער מענטש אויס אַ בולאַנעם פּאָנים מיט אומגעוויינ־לעכע לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס און גיט צו אים אויך אַ זאָג:

— פראַשע־פּאַנאַ...

— וואַ—ס? — גיט דער מעכאַניקער קלוימערשט אַ זיך אויף — צו דער גיליאַ—טי—נע?

— אַ, „נאָו“ — ענטפערט דער מענטש און שפרינגט אונטער.

דער באַלעבאָס בינדט זיך אָן אים ווידער אָן, באַגלייט אים צום אַרויסגאַנג און דריקט אַפּילע פאַר אים דאָס קנעפל, אַנצוקלינגען: דער ליפט זאָל זיך דאָ אָפּשטעלן, אים אַרונטערצופירן. און ער איז אַראָפּ אין גאַס.

— * —

ביינאַכט האָט ער גאָרניט געקאָנט איינשלאָפן.

אין זיין העל־זען, האָט זיך דער שאָפּ ווי אונטער אַ פּראָזשעק־טאָר געשפּיגלט. פענצטער האָבן געבליאַסקעט, און טישן האָבן זיך געצויגן, און די מאַשינען האָבן ווי קעץ געוואָרטשעט מיט פאַרדרייטע עקן אין אַ רעדל און געשאָרט מיט די לאַפּקעס, גרינע, געלע רויט און שוואַרצע פּאַסיקעס און עפּעס גאָר אַ ספּעציעלע מאַכינאַציע האָט זיך אין זיין מויאַך געדרייט און אין זיין העל־זען אַ ברוינעם פּאַסיקל געצויגן און ניט צעצויגן...

— גוט, טראַכט ער, — אַזוי וועט ער דאָס מאַכן, עס וועט זיך נאָך פאָדערן אַרויסצעפּלאָמען די פאַרהאַטעוועטקייט פון ספּרוב־זשינע, קעדיי זי זאָל ווערן פילבאַרער צו דעם ווייכן לעדער און אַנשטעלן די מאַשין אַזוי, זי זאָל זיך אַביסל צוריקהאַלטן אין גאַנג.

— יאָ, אַזוי וועט ער דאָס מאַכן.

און פון דער נאַכט אַרויס קוקן צו אים די מיידלשע אויגן: העלף, בעטן די אויגן, — איך עס זיך דאָ דאָס האַרץ אַרויס... העלף בעטן די אויגן.

און די בליקן דרינגען אַזוי גלוטיק — אין האַרץ אַריין. אין מאַרך אַריין.

— עך, דו מיידל, מיידל — פאַרפליט אים דער געדאַנק גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג — עך, דו מיידל, מיידל ביי דער מאַשין!

— וואָלט איך ליבער, אַ שווערד אויסגעקאָוועט — אַ צוויי שאַר־פיקע: צו פאַרשניידן דעם פּאַראַזיט פון דיין לייב און לעבן — עך דו מיידל, מיידל ביי דער מאַשין...

און פאַר זיינע אויגן וואַקסט אויס דער באַלעבאַס, ווי אונטער אַ גאַרב ליכט. אַ רודער אַזאַ — אַ ברייטער אין אַ ווייס העמד מיט די אַרבל פאַרקאַטשעטע און זיין פּאַנים ווייס מיט די בינטלעך קנייטשן, וואָס פאַרקניפּן זיך אים אין די ווינקלען פון די אויגן זיינע, און דערציילן פון אַ וועלט מיט ליגן; שטייט נעבן דעם מענטשן ביי דער שנייד־מאַשין וואָס שפּרינגט אונטער מיט זיין פּראַשע־פּאַנאַ...

— קנעכטיש־בלוט! — פאַרקריצן זיך אים די ציין אין דער נאַכט אַריין — קנעכטיש־בלוט! פילסטו ניט דעם פּאַראַזיט אויף זיך!?

און אַ פינגער פון דער נאַכט טייטלט:

די גי—ליאַ—טי—נע!...

— * —

אויף מאָרגן פרי האָט ער איינגעשטעלט די מאַשין, ווי ער האָט ביינאַכט אויסגעכאַלעמט און ער האָט נאָך באַדאַרפט איבערמאַכן אַ טיילכל צו פירן דעם פּאַסיק.

דאָס מיידל זעצט זיך אַרבעטן און ס׳צעליכטיקן זיך אירע אויגן:

— גוט, זאָגט זי, — זייער גוט. בלייבט ער שטיין אַ ווײלע צו קלייבן נאַכעס פון דעם; דער באַלעבאַס באַמערקט דאָס מיט אַ גבייוויש קוקעלע און ער דערקאָנט שוין אים ניט... לויפט פאַרביי מיט אַן אַקסל פּאַסיקעס און ער איז שוין „ביזי״ רעדט הויך אויפן קאָל, צו דעם, צו יענעם, — געלע, פּאַסיעקס... רויטע, פּאַסיקעס... גיב! נעם!

— צום טייוול! — גיט דער מעכאַניקער אַ מורמל, — ווי זיי לאָזן ניט אַ קוויקטאָן זיך מיט אַ שטיקל מעלאָכע!

און גייט צו אים ער זאָל אים באַצאָלן.

— וואַרט, פאַרפאַרט יענער מיט אַ קאָל. — לאָמיר זען וואָס דו האָסט דאָ מיר געמאַכט?

דאָס מיידל אַרבעט און ער קומט צו מיט אַזאַ מין לאָשן:

— וואָס קריכסטו ווי אַ טשערעפּאַכע? מיט אַזאַ גאַנג האָט די מאַשין פריער אויך געאַרבעט...

—איך יאָג דאָך די מאַשין אין פולן גאַנג — פאַרענטפערט זיך דאָס מיידל.

— איז וויפל ווילסטו? — שרייט ער ווי אויס צום מעכאַניקער.

— וואָס שרייט איר מיסטער? גיט דער מעכאַניקער אַ רודער אויף אים און שטאָלט אָן אַ בליק.

—איך, שריי דען? — כאַפּט ער זיך אויף צוריק און מאַכט זיך טאַמעוואַטע. — די צאָרעס שרייען. — און לאָזט אַרונטער זיינע אָפּגעבליאַקעוועטע ברעמן.

און דער מעכאַניקער טראַכט פון דער צייט וואָס ער האָט דאָ פאַרלוירן און דעם ווערט וועט ער דאָך סיווי ניט קריגן, איז וואָס איז שוין דער כילעק וויפל? אַז קיין האַנאָע פון דער אַרבעט איז ניטאָ! זאָגט ער, ווי אָוועקמאַכנדיק מיט דער האַנט.

—גיט שוין מיר דריי טאָלער פאַר דער אַרבעט און לאָזט געמאַך!

—דריי טאָ—לער... — זאָגט ער איבער מיט דעם טאָם פון מאַרצעפּאַנעס אויף די ציינער. — דריי טאָ—לער... און פאַר־קנייטשט אַן אַקסל, פאַרזשמורעט אַן אויג, — דריי טאָ—לער?... און צעשמייכלט זיך מיט אַ געל־שמייכעלע, וואָס עס נודיעט פון דעם אויפן האַרצן.

— צו אַלדי רוכעס! באַצאָלט ניט! — קאָכט אויף אין דעם מעכאַניקער. — אָבער צו וואָס אַזאַ שמייכעלע, וואָס נודיעט פון דעם, און פאַרשוועכט אַ שטיקל מעלאָכע!

ער גיט זיך אַ נייג צו דער מאַשין; דאָס מיידל דערפילט, ווי ער וואָלט וועלן אַ האַמער טאָן אויף זיין מעלאָכע און באַשיצט עס מיט דער האַנט, וואָס גיט אים מיט איר ווייסקייט אַ בלענד אין די אויגן. גיט ער אַ גלעט איבער דער האַנט און לויפט אַרויס, — אַן אויסגעלאַכטער, פון קאָפּ ביז די פיס אַ באַליידיקטער — פאַרשוועכטע מעלאָכע, פאַרשוועכטע מעלאָכע!

# מאַשינען

## פּאַרטאָג:

ליכט און פינצטערניש ראַנגלען זיך אין שאַפּ.
די שטילקייט רייסט זיך פון דער הויט.
די מאַשינען אין רייען אויסגעשטעלטע — קעץ פאַרכמורעטע
רוען און כאַלעמען, רוען און כאַלעמען
דעם כאַלעם פון איידער באַשאַף.

מיט דעם ליכט פון טאָג פּראַלן זיך די טירן אויף;
גערויש —
ענערגיע פון מאַשין און מענטש.

דער עלעקטרישער מאָטאָר הויערט ווי אַ לייב אונטערן טיש,
דרייט זיין שטאָלענעם עק — דעם וואַל.
און רעדל צו רעדל שליינגלען זיך די פּאַסן,
גליטשן זיך און רעדלען, גליטשן זיך און רעדלען.
— — — — — — — — — — — —
זון־ליכט גיסט זיך דורך די שויבן,
גאָלד־שטויב רייסט זיך צו דער זון —
און די רעדער דרייען, דרייען.

די מאַשינען — וואַרטשנדיקע קעץ
מיט פאַרדרייטע עקן אין אַ רעדל,
שאַרן ווייסע לייוונטן און שאַרן —
מיט דעם ליכט פון טאָג פאַרשאַרן ווייסע לייוונטן, פאַרשאַרן —
שנייִ פעלדער וואָס יאָגן זיך פאַרביי אַ באַן.
און נאָך די לייוונטן,
נאָך די ווייסע לייוונטן —

רייען שלאַנקע מיידל־הענט ציען זיך און ציען,
זוניקע פלעכטן זיך, ציען זיך און ציען.
און די מיידלעך,
די אָנגעבויגענע מיידלעך —
בוקן זיך צו די שלאַנקע הענט וואָס ציען זיך און ציען.

מיטאָג־צייט,
די צייט פון רו,
ווען עס זײַט אויס דער שאָפּ —
אַ כאָרעָווע שטאָט פאַרשאָטן מיט שניי,
שנירלען זיך פידל־טענער פון מיידל־הענט,
וואָס ציען זיך נאָך לייוונטן,
נאָך ווייסע לייוונטן.

די שוואַרצע האַנט פון נאַכט,
וואָס זינקט איין אין טהום פון רו — איידער ווערן —
האָט אַראָפּגעגרונט אין רוי־אייזן־רו די מאַשינען.
אַ שווייגעניש:
גומי־ציינער בייסן זיך אין גומי־פינגער איין.
מאַשין און נאַכט אין פינצטערניש — נאַכט:
נאָר די זילבער־דעקלעך פון טיפער נאַכט,
זילבערן דעם כאָלעם פון מאַשינען;
אַמאָל, אַמאָל, אין טיף פון ערד
איינגעקנאָטן פון אייביק אָן
אין אייביקייט און רואיקייט.

ניו יאָרק, 1912

# דורך בלינדע שויבן

שאַפּ גלאָצט מיט בלינדע שויבן.
שטאָט בליצט אין די פענצטער —
נאַכט געשפּענצטער, פייערן פון שטאָט.
שאַפּ איז שטיל און שטום;
רייען מאַשינען אויף שטילע טישן,
שטומען דום.
די טויבקייט ווי אין אַ פּויק:
לייוונטן וואָס האָבן דאָ געפּלאָטערט,
ליגן ווייס־געלאָטעט,
אין כוישעך פון שאַפּ — טויט...
און גלאָצט מיט בלינדע שויבן;
אַ מייזעלע צינדט אַ קאָל —
לעבן...

# סטרייק

די מאַשינען שטומען. מיט פאַרשטיקטער גוואורע.
די שטילעניש שפּילט. אין הילעניש פון שווייגן — כאַלעם.
פון געהיים ווינקט:
רעדער, צאָן אין צאָן פאַרביסן — זשאַווערן.
ווי דער פאַרביסענער מויל, פון אַ נעווילע אין גאָווערן...
האַמער טוליעט זיך צום אַמבאָס — שאָלעם:
הענט וואָס האָבן דאָ געשוואונגען,
הענט וואָס האָבז דאָ געזונגען,
געצוימט ווי אין אַ שטייג,
פויסטיקן אַ שטילעניש — שווייג!

# אַלרייטניקעס

איז מען געזעסן אין די נאַכעס־שטולן אויף דער ווערענדע. איז מען געזע—סן... און געפּופּקעט זיך פאַר נאַכעס צו דער לעוואָנע; און די לעוואָנע האָט זיך ווי געררויטלט פאַר כאַרפּע און בושע, פון די צעיוירענע רייד, וואָס זיינען פאַרגאַנגען אין נאָז מיט דעם רייעך פון פאַרזויערטן טייג.

אָנגעהייבן האָט דאָס איינע דערציילן פון איר טויזנט־טאָלער־דיקע אָפּעראַציע; דער איקער באַטאָנט אויפן טויזנטער... און ווי זיי זיינען געזעסן אין אַ ריי האָט מען זיך אָנגעהייבן פלייסן; ס׳הייסט מען האָט געוואָלט אַריבערשטייגן, איינס דאָס אַנדערע אין אָפּעראַציעס און טויזנטער, ביז מען האָט זיך אַזוי פאַרבלאָפט אַז מען האָט ניט געקאָנט אַרויסקריכן. און די טויזנטער זיינען געוואָקסן ווי שוועמלעך נאָך אַ ר׳עגן.

און גערעדט האָט מען אַ צעקאַליעטשעטן איינגלש מיט אַ טכינע־טאָן, ווייל ווי פּאַסט דאָס פאַר זיי ריידן יידיש אין געזעלשאַפט... אַזוינס קאָנען זיך נאָר דערלויבן — גרינהאָרנס, פּראָסטע אַרבעטער און באַהיט זאָל מען ווערן — ראַדיקאַלן...

איז אַוועק אַ האַלבער אָוונט אין צעיוירענע רייד, און די לעוואָנע האָט זיך נאָך אַלץ גערויטלט פאַר כאַרפּע און בושע.

אייניקע פון זיי, זיינען קאָנטיק דערנערווירט געוואָרן פון די רייד, און האָבן זיך גענומען פלייסן מיט עפּעס אַנדערש; איינע האָט אַפילע געפּרובירט אַ זינג טאָן, אָבער ס׳איז איר ניט געגאַנגען און געוועזן איז אַזוי פּוסט, און וויסט, און נודנע אויפן האַרצן, — פון מאַנכע אַ מין דערווידער אַפילע, צו זיך אַליין.

כאָטש אַ היבשע צאָל פון זיי, זיינען געוועזן, יונג און שיין, מיט אַזעלכע פיין־געשניצטע פּענימער, און אויגן וואָס פינקלען. און ווי זיי זיינען געזעסן האַלב אויסגעצויגן אויף די שטולן און צעשפּיליעט,

האָט זייער לייב געהעלט אין דער נאַכט אַריין, — יונג און פריש. און געמאָנט האָט זיך עפּעס אין זיי, אַליין ניט וויסנדיק, — וואָס ? — האָבן זיי פאַרלאַנגט טיי מיט קיכעלעך...

דער באַכער וואָס האָט זיי סערווירט די טיי מיט קיכעלעך, האָט שוין אַפילע אַ קיצל געטאָן דער קעכין, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוון און אַזוי געזאָגט :

— זיי איז אַזוי זויער אויפן האַרצן פון זיך אַליין, אַז קיין זיסע טיי מיט קיכעלעך, וועט זיי שוין ניט העלפן צו פאַרזיסן... און די קעכין האָט געלאַכט, זאָגנדיק : — אַז קיין טאַטער וועט זיי שוין אויך ניט העלפן...

און כאָטש זי האָט אונטערגעהערט דעם געשפּרעך זייערן, מיט די אָפּעראַציעס, האָט זי מער געטראַכט פון דעם הינטל, וואָס זי האָט גראָד היינט, ניט ווילנדיקערהייט, אָפּגעבריט מיט געקעכטס, און עס איז אַזאַ ראַכמאָנעס אויף דער כייע...

און דאָ רעדט זיך פון אַזעלכע שווערע אָפּעראַציעס וואָס זיי טראָגן נעבעך דורך, און עס אַרט איר עפּעס ניט... ווייל אַזאַ ליגנערישקייט איז געלעגן אין יעדן וואָרט זייערן, וואָס האָט געטריפן ווי אַ כיילעוון ליכטל... כאָטש ס׳איז אַוואַדע עמעס, אַז זיי האָבן געהאַט אָפּעראַציעס...

נאָכן טיי, איז מען זיך צעגאַנגען פון דער וועראַנדע ; אייניקע, — שפּילן „ברידזש״. אַנדערע, גלאַט אַזוי, אין דער נאַכט אַריין. און מאַנכע האָבן זיך גאָר געלייגט שלאָפן.

איינער נעמט ניט דער שלאָף ; זי איז אַ קליין־געוואוקסיקע אַזאַ, מיט אַ פּענימל ווי באַ אַ ליאַלקע ; ליגט זי אָפּגעדעקט, מיט אַ פּיסל אַזוי כיינעוודיק פאַרוואָרפן, און די לעוואָנע קוקט אַריין, רויטלט זיך אַפילע ניט... איז וואָס קוקט די לעוואָנע אַזוי אומעטיק־העל ? — עך, טייוול !...

עס טראַכט זיך איר פון דעם שאַפּ וואו זי האָט אַמאָל געאַר־בעט ; מ׳קען ניט זאָגן, אַז איר בייענקט זיך נאָכן שאַפּ, — ניין דאָס קען מען ניט זאָגן... נאָר עפּעס איז אַמאָל פריילעך געווען ; מיט די אַרבעטער איז אַזוי עכט און אַזוי האַרציק געווען. — אַזאַ האָפענונג האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ, וואָס האָט מאַמעש ווי פאַרשיקערט...

און טשאַלי, אַט דער זוניקער יונג — טשאַלי...

— עך, נו, — אַן אַלטע וואונד....

און אויף וועמען האָט זי אים פאַרביטן! — אויף דעם — אַ!...
מיט זיין אַטאָמאָביל! מיט זיין רייכטום! וואָס דער לוסט נאָך דעם, האָט אים אויסגעטריקנט יעדן טראָפּן קליאַק פון זיינע ביינער! אָפּגעבליאַקעוועט זיינע רויטע האָר — די ברעמען אַפילע! — און וואָס? נו — וואָס? עך, דו גלעלער טייוול!...

זי פאַרשעמט זיך פאַר איר אייגן לייב, וואָס העלט ווי מיט לע־וואָנע־ליכט, און דעקט זיך איין, ווי צו פאַרשטעלן, דאָס וואָס זי האָט אַוועקגעגעבן, פאַרן געלן טייוול — פאַר רייכטום!

און ס'איז אַזוי אומעטיק, אַזוי פיינלעך אומעטיק, — טשאַלי, טשאַלי... גיט זיך ווי אַ ריס פון איר האַרץ אַרויס, וואָס זי פאַר־שטיקט אין האַלדז, אַזש עס האָט איר אַ ברי געטאָן אין שלונד... און דער נאָמען האָט זיך געטראָפּנט, צוריק אין האַלדז אַראָפּ, אין האַרץ אַריין; — ט'ט'ט — טשאַ־לי... טשאַ־לי...

ווינטעלעך האָבן אויפגעכאַפּט, דאָס פאַרשטיקט געוויין און צע־טראָגן איבער די בערג, וואָס שטאַרן און גאַפן אין דער נאַכט אַריין, — ט'ט'ט — טשאַ־לי... טשאַ־לי...

און שאַ. און שטיל, — אַזאַ פאַרגליווערטע שטילקייט. ביז ערגעץ האָט זיך צעשריען אַ סאָווע אין דער נאַכט, און געריסן דאָס האַרץ.

— * —

אויף מאָרגן זיינען דאָס אָנגעקומען די מענער, מיט גלאַנץ און פראַכט... די אַטאָמאָבילן האָבן געטרובעט ביים אַנקום און געלאָזן רוי—ך. ווי אָנצעזאָגן מיר זיינען דאָ, מיר זיינען!

און... הע, הע, — ווער מיר זיי—נען!... די טרובעס האָבן געטרובעט, אַריבערצעטרובן, איינס דאָס אַנדערע, — אַ „סימפאָניע“ אַ גאַנצע, פון אַ... מאַרק. — הע, הע, ווער מיר זיינען!...

ווייבעלעך האָבן זיך געקעטשקעט און געפּעסטשעט:

— אַז, אַז, פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געשריבן?

— אַז, אַז, איך בין ניט געשלאָפן קיין נעכט!...

— אַזוי, אַזוי — נע—בעך...

און כי־כי־כי. און כאַ־כאַ־כאַ; צעגלאַצן זיך אויגן, — סופּרי—ז!...

אַנדערע האָבן געקוקט, מיט אַנגעדראָלטע פּענימער: — זיי זיינען שוין דאָ די מאַלאַכיי־כאַבאָלים און די בליקן האָבן אַזוי געזאָגט, — ווער דאַרף זיי דען האָבן!...

אָבער קושן, האָבן זיי זיך אַלע געקושט מיט די מענער, און צוגענומען מיט געמאַכטער באַגייסטערונג, די פּעקלעך מאַטאָנעס, די קעסטעלעך פּראַנצויזישן שאָקאָלאַד, וואָס קריכט זיי שוין פון האַלדז... און ס'איז געווען פריילעך...

האָט מען זיך אַזוי אַנגעטומלט, ביים אָנקום און מען איז געגאַנגען כאַפּן אַ שווים אין טייכל, עס זאָל זיך געשמאַקער עסן.

און וואָס עמעס, איז עמעס, אַז נאָכדעם האָט זיך טאַקע געשמאַק געגעסן. — פריער פון אַלץ, דעם האַלבן פיינעם גרייפּ־פּרוכט, וואָס איז אַזוי זאַפטיק און ווייניק, מיט דעם רויטן קאַרש אין מיטן; עס זאָל אָנרייצן אויף דער אַכילע, און נאָכדעם, די פיין־געהאַקטע לעבערלעך, מיט ציבעלעס און אָן ציבעלעס — ווי איינער וויל. ווייל צום קושן זיך, טויגן ניט, די ציבעלעס... היינט די גאָלדענע יויך מיט פאַרברוינטע מאַנדעלעך, וואָס בעטן זיך צום שלינגען. און דאַן איז געקומען צעשווימען די עמעסע געשטאָפּטע קאַטשקע, וואָס איז געווען באַקרוינט מיט אַ קרענצעלע גרינסן; צי באַזיסן און באַטאַמען. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די עמעסע סודע; מעסער און גאָפּל האָבן זיך צעטענצלט, ציינער האָבן געמאָלן און אויגן האָבן זיך צעגלאָצט בא יעדן שלונג, אַז ס'איז געראונען איבערן מוי—ל...

היינט די וויצעלעך וואָס האָבן זיך צעפלויגן איבער די באַדעקטע טישן אויף פליגעלעך פון כאָכמע און צוגעגעבן טאַם; — פּעטינקע ווייבעלע און געשטאָפּטע קאַטשקע איז גו—ט... און די גלעזעלעך האָבן געקלונגען צום טאַקט, — אַ שווינק צו טאָן דעם האַלדז, — די קאַטשקע זאָל קענען שווימען; — פּעטינקע ווייבעלע און געשטאָפּטע קאַטשקע איז גו—ט...

די יונגע האָבן זיך פון דעם גערויטלט און די עלטערע פּעטע ווייבער האָבן זיך געפּרעגלט פאַר נאַכעס און געגעסן אויף ביידע באַקן, אַזש עס האָט געקוויטשעט אין די אויערן, און נאָך צוגעגעבן

ביישעק די מענער, זיי זאָלן עסן, ווייל עס קאָסט זיי געע—לט...

און אַז מען איז פּאַרטיק געוואָרן מיט דער קאַטשקע וואָס איז פאַרשוואומען אין טהום... האָט מען נאָך צוגעטראָגן אַ צובייס און אַ — נאָכבייס, — דעם פיינעם קאָמפּאָט און די גוט ביסעלע קאַווע מיט „פּרענטש־פּייסטרי" און וואָס — ניט? אַזוי, אַז ביים אַרויס־גאַנג פון עס־זאַל, האָט מען געשאַרט די פיס, ווייל נאָך אַזאַ מאַלצייט איז שווער געווען צו הויבן אַ פו—ס...

האָט מען זיך צעלייגט אין די שאַטנס פון די ביימער, און מיט פאַרזשמורעטע אויגן, געזויגן די פעטע ציגאַרן, וואָס האָבן געלאָזן אַ רויכעלע — גרין. און עס האָט געשמעקט מיט האַוואַנאַ.

די זון האָט געזאָדן אַ גינגאָלדענעם טאָג, און דאָס טייכל האָט זיך געשפּיגלט פאַר דער זון.

און עס האָט געטעצלט און געטענצלט אין דער לופט, ווי עס וואָלט אויף גאָלדענע טאַצן געטענצלט די פרייד, וואָס האָט געפינקלט מיט בריליאַנטן פון גינגאָלדענעם טאָג.

אַ ווינטל האָט געוויעט פון די בערג, און געשאָקלט די צווייגן, וואָס האָבן ווי די פעכערס, געפאָכעט איבער די קעפּ.

אַ גרופּע שווער־וואָגיקע, האָבן האַלב־דרימלענדיק אָנגעפירט אַ געשפּרעך; ווי עס פילט זיך נאָך אַזאַ מאַלצייט, אין אַ זוניקן טאָג; איינער באַקלאָגט זיך אויף זיינע אַרבעטער וואָס לאָזן אים ניט לעבן... עס וואָלט אַלץ אַזוי גוט געווען, אַזוי ווו—ל. ווען מ'וואָלט ניט באַדאַרפט האָבן צו טאָן מיט אַרבעטער... און אַז מען האַלט אין איין דערלייגן צו זיי.

—יאָ, האָט מען צוגעגעבן, זויגנדיק די פעטע ציגאַרן: — אַז די אַרבעטער ווייסן שוין אַליין ניט, וואָס זיי ווילן... און שולדיק זיינען נאָר אין דעם, — „די רעדי־רעדיקעלס" — די קאָמוניסטן...

— איז'נט סאָ, מיסטער גאָלדסטאַין?

— יעס, יעס, מיסטער פינקלסטאַין!

און וואָס איז דאָ צו ריידן, באַוועגן זיך די פעטע קאָרקעס, — אַז יעדערער האָט זיך זיין פאַרציע „מעדיצין" וואָס פאַרביטערט אים דאָס לעבן...

—באַ זיי, באַ די „בערן" פון די מילן און מינען, פירט זיך

גאָר אַנדערש, — מען שיקט סאָלדאַטן מיט ביקסן, צו געבן די אַרבעטער אַ לעקציע... און אויף אונדז, פון דער לייכטער אינ־דוסטריע, קוקט מען זיך ניט אום... מען קומט אָפּ מיט אַ פּאָליס־מאַן!..

און מען האָט אַזוי לאַנג אומגעוויגט די ליסע קעפּ אין באַ־דויערן זיך אַליין, וואָס מען האָט זיך אויסצעשטיין פון אַרבעטער... ביז איינער האָט אָנגעהייבן צו פּראָטעסטירן: אַז, אַז... ער איז ניט געקומען אַהער צו הערן פון דעם! אַז ער האָט פון דעם איבער־געבנוג אַ גאַנצע וואָך אין שאַפּ! און דאָ איז ער געקומען, — אויס־רוען זיך און אַמוזירן.

האָט מען איינגעזען די לאָגיק פון אַזעלכע גאָלדענע ווערטער און מען האָט גענומען דרימלען אין זיסער רו; — איינער אין אַזאַ פּאָזע און איינער אין אַזאַ.

די גאָר שווערע, האָבן זיך אויסגעצויגן פלאַך אויפן גראָז מיט די פיס צעשפּרייט און די בייכער האָבן אויסגעזען ווי די באַלאָנען, און איינער איז גאָר געזעסן, אָנגעשפּאַרט צו אַ בוים, און אַזוי ווי ער איז גראָב מיט אַ קליין פאַרשפּיצט קעפּעלע; איז אים אויסגעקומען, העט, העט צו פאַרוואַרפן זיין ליס־קעפּעלע אָנצושפּאַרן אָן בוים; דאָס צעשוואומענע פּאָנים האָט געדרימלט, און אַ ציגאַר איז געשלאָפן אין זיין מויל, וואָס האָט געלאָזן אַ ריטשקעלע סאָק איבער זיין קין אויף זיין דרייגאָרנדיקן גוידער. — האָט דאָס אויסגעקוקט: נו אָט, — אַזוי האָט דאָס אויסגעקוקט...

און דאָס האָט נאָך אַוואָדע געכאָלעמט, זיסינקע כאָלוימעס, — פון סאָלדאַטן מיט ביקסן, צו געבן די אַרבעטער אַ לעקציע, וואָס גיבן אים ניט קיין רו...

האָט מען זיך אַזוי דורכגעדרימלט אין זיסינקער רו, און מען איז אויפגעשטאַנען טרינקען אַ גלעזעלע וויין, און מאַכן אַ קערטל, צו פאַרגעסן די צאָרעס וואָס מען שטייט זיך אויס פון די אַרבעטער אין שאַפּ...

די אינגערע אָבער, וואָס האָבן שוין לאַנג צעפירט די פיס נאָכן עסן, זיינען געשטאַנען אין אַ כאָפּטע און מען האָט געכוואַס־טעוועט, ווי אַ האָרדע אָקסן מיט די עקן און צוגעטופּעט מיט די

פּיס; אַרויסצעווייזן זיך, ווער און וואָס מען איז, — (ווי קומען די ווייבער צו אַזאַ פּליים, מיט זייערע אָפּעראַציעס און דאָקטוירים).

דאָ האָט מען זיך ערשט אַרויסגעוויזן; וואָס פאַר אַ ביזנעס מען פירט און וואָס פאַר אַן אויטאָ מען טרייבט; ווייל דער אויטאָ דערציילט שוין וואָס פאַר אַ קנאַקער מען איז... און ווי מען יאָגט דאָס איינס דאָס אַנדערע אַריבער, ווי אין ביזנעס אַזוי מיט דעם אויטאָ; אַז יענער זאָל האָבן זיין רויך אין די אויגן... און ניט ער, — יענעמס! און וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס יענער, קעגן אים מיט זיין ביזנעס, און מיט זיין „בלעכענער קענדל״ — דעם אַטאָמאָביל; איז טאַקע יענער מער ניט ווערט, ווי דעם רויך אין די אויגן פון זיין הינטערשטער רער...

און אַז מען האָט אַרויסגערעדט אַזאַ וואָרט ווי — פּריינט... גיט איינער אַ שפּרינג אונטער ווי אַ גומענער, און כאַפּט אַרויס פון קעשענע אַ זילבערנעם האַלבן טאָלער וואָס גיט אַ בלענד פאַר דער זון; — אָט האָסטו דיר פּריינט... און די אויגעלעך זיינע אין פאַר־גאָסענעם פּאָנים, זשמורען זיך, פון דער כאָכמע; טוקן זיך און פינק־לען, — אָט האָסטו דיר פּריינט...

דאָס ווייבעלע מיט דעם ליאַלקע־פּאָנים, וואָס איז געשטאַנען דערביי, האָט זיך ווי פאַרשעמט, און איז אַוועק גלייך מיט דעם פּעלד, — ווייט, ווייט מיט דעם פּעלד.

און די האָבן זיך נאָך אַלץ געפּלייסט; מיט ביזנעס, אויטאָס און פּריינטו... ביז די זון האָט גענידערט אין כאַרפּע און בושע אויף יענער זייט באַרג.

דער גלאָק איבערן עס־זאַל האָט געקלונגען און מען איז געגאַנ־גען ווידעראַמאָל עסן. און נאָכן עסן — הע, הע... די ווייבעלעך, גאַרנדיקע וואָרטן...

# אַ מייסע פון אַן איבערגעפּאָרענעם

שוין וואָסערע אַכצן יאָר אַז איך האַלט זיך אין איין ראַטעווען אויף די גאַסן פון נו־יאָרק. און הערט אַ מייסע: איינמאָל אַריבערגייענדיק אַ גאַס, דרייט זיך אויף מיר אַן אַ מאָנסטער: אַן אויטאָמאָביל הייסט דאָס. און איך פלי ווי אַ בליץ און פאַל ווי אַ דונער... מיין קאָפּ האָט זיך מיר צעקלונגען ווי אַ גלאָק, אַזש פונקען האָבן געשפּריצט פון די אויגן...

מענטשן זיינען זיך צעזאַמענגעלאָפן; אַנדערע האָבן זיך אָנ־געבויגן און עפּעס גערעדט צו מיר. אָבער איך האָב זיי ניט געקאָנט הערן, ווייל עס האָט מיר געקלונגען אין קאָפּ און געשוואַרצט זיך פאַר די אויגן. טראַכט איך: וואָס וועל איך דאָ ליגן... ס'איז דאָך אַ כאַרפּע און אַ בושע ליגן אַזוי, אַ צעלייגטער אין מיטן גאַס. הייב איך מיין קאָפּ, דעם צעקלונגענעם, און נעם זיך טאַקע אויפשטעלן אויף די פיס; כאַפּט מיך ווער אַן ביים אָרעם. איך גיב אַ קוק, — אַ באַשיצער מיינער, אַ פּאָליסמאַן...

— איצט, — זאָג איך, — ביזטו אַ כאָכעם! אַז דו האָסט שוין יאָ געלאָזט די אָנשיקעניש אַנדרייען זיך אויף מיר, וואָלסטו מיך כאָטש אויפגעהויבן ווען איך בין געלעגן....

— ס'איז, — ענטפערט ער, — אַזאַ געזעץ.

— וואָס זשע איז דאָס באַ דיר, — זאָג איך, — פאַר אַ געזעץ: לאָזן אַ געפאַלענעם ליגן!...

— ביז אַ דאָקטער קומט, — דערקלערט ער, — לאָזט מען אַ געפאַלענעם ליגן...

אָבער אויסטייניגן זיך מיט אים האָב איך ניט געקאָנט, ווייל ס'האָט נאָך מיר אַלץ געקלונגען אין קאָפּ און געשוואַרצט זיך פאַר די אויגן, און עפּעס אַ מין קלעפּיקס האָט זיך געווידזגעט אויף מיין פּאָנים; איך גיב אַ פיר מיט דער האַנט, — רויט! און די האַנט מיינע שטאַרצט מיר ווי אַן אָפּגעשוונדענע...

— דאָס, — זאָג איך, — איז דאָך סקאַנ—דאַ—ליעז!...

לאָזט ער מיך ניט אָפּ, דער באַשיצער מיינער (איצט איז ער מיר שוין געטריי...) און פירט מיך צו אַן אַטאָמאָביל, וואו עס זיינען געשטאַנען מענטשן מיט צעשריגענע פּענימער, — טאַקע פוסגייער, אַזעלכע ווי איך בין, און נעמען זיך אַן פּאַר מיר. און דער, אין דעם אַטאָמאָביל, פּאַרענטפערט זיך עפּעס; פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז דער מאַלעך־האַמאָוועס מיינער, וואָס האָט מיך געזאָלט איבערפעקלען אויף יענער וועלט. און קעדיי וואָס שנעלער אַרויסצו־דרייען זיך פון די מענטשן, נעמט ער מיך אַ צעדאַמטן אַריבערצו־פּעקלען אין שפּיטאָל אַריין...

דער באַשיצער מיינער, שטייט אויף דער זייטיקער ברעט פון אַטאָמאָביל מיט אַ פּייפל אין מויל און פייפט אויסשטרעקנדיק אַ האַנט, מען זאָל אונדז פריילאָזן דעם וועג; קיינער וואָגט אפילע ניט אַנט־קעגן צושטעלן זיך, — ווייל איך בין, פאַרשטייט איר מיך, ניט אַבי ווער, — מיינע איז די וועלט... דערווייל פירט מען מיך, אַן איבערגעפאַרענעם, אין שפּיטאָל אַריין...

קומען מיר אין שפּיטאָל; איך מיט דעם באַשיצער מיינעם, אַלס אונטערפירער. און דאָרט גייט שוין אַלץ אויף רעדלעך; ס'הייסט, ווער עס דרייט זיך אַריין, און ווער עס דרייט זיך אַרויס... און מיט מיר, איז נאָך ניט אַזוי געפערלעך; איינער ווישט מיר אַרום מיט אַ נאַסן האַנטעך דעם פּאַנים, און עס ווערט מיר טאַקע ליכטיקער אין די אויגן. אַ צווייטע קומט צו, אַזאַ דינינקע, אַ הויכע אין אַ ווייסן כאַלאַט, און הויבט זיך אָן פּאַנאַנדערקלייבן מיט אירע ווייסינקע פינגער, אין מיין צעקודלטער טשופּרינע און גיט עפּעס מיט אַ וואַטקע אַ שמיר... אַז מיין קאָפּ האָט זיך מיר צעסמאַליעט און אַ גרינער רויכעלע איז מיר פאַרגאַנגען אין די אויגן.

— טאַמער, — זאָג איך, — וואָלסטו געהאַט אַביסל איינזע־עניש, — עס רויכערט זיך דאָך...

שמייכלט זי און טוט זיך אירס.

— נו, מיילע, — זאָג איך, — טו שוין וואָס דו ווילסט, ווייל איך האָב זיך פיינט צו באַקלאָגן...

נעמט זי אַ ראַזירער און גיט אַ פיר דורך, פונקט אויף דעם

אָרט, וואו עס טוט מיר ווי... אַזוי אַז אַ טייל פון מיין טשופּרינע בלייבט איר הייגנען צווישן אירע פינגער. און כאַטש ס'איז מיר נאָך געגאַנגען אַ רויכעלע פון די אויגן, איז פאַרט געווען, אי שיין, אי קאָמיש צו זען, ווי עס באַמבלט זיך אַ טייל פון מיין שוואַרצער טשופּרינע צווישן אירע ווייסינקע פינגער.

און דער, מיט דעם האַנטעך, ווישט מיר מיין האַנט, און כאָטש דאָס רויט האָט ער פאַרווישט און קיין וואונד האָט מען ניט אָנגעזען, פיל איך אָבער, ווי מיין האַנט איז מיר שטייף ווי אַ שייט האָלץ...

דערציייל איך איר די מייסע — אַזוי און אַזוי... באַטראַכט זי מיר די האַנט און זאָגט:

— צע—קלאַ—פּט...

— כאַכאָמע, זיסינקע, טראַכט איך, אַז צעקלאַפּט, ווייס איך... און פרעג זי, אויב ס'איז ניט נאָך ערגער...

— דאָס וועט שוין, — זאָגט זי, — אַ דאָקטער זען.

אין די רייד קומט טאַקע אַריין אַ דאָקטער, ריכטיקער געזאָגט, אַ דאָקטערקע, און נאָך איר פאַרט נאָך אַ טישעלע אויף רעדעלעך, וואָס איינער שטופּט אונטער. און אויפן טישעלע, — פרעגט שוין גאָר ניט! — צוואַנגען און צוויינגעלעך, ווי שנעבעלעך באַ קליינע פייגל, דזשובעס ווי באַ אָדלערס, און אַפילו אַזעלכע ווי באַ קאַטש־קעס... דער כילעק איז נאָר דער: די זיינען פון בלאַנקן שטאָל, וואָס בליאַסקעט ווי פראָסט אויף שניי און נעמען אַזש אַרויס די אויגן... הייבט די פלעשער און די פלעשעלעך, וואַטע און וויקלער, — איך בין אַזש אַ פאַרציטערטער געוואָרן: דאָס אַלץ דאַרף מען פאַר מיין קאָ—פּ? אַ שיינע כאַסענקע האָט מען מיר אָפּגעשפּילט!...

די דאָקטערקע שטעלט ניט קיין פראַגעס, נעמט אין אַ קליין צוויינגעלע אַ קרומע נאָדל און פאָדעם און שטעכט מיר אין קאָפּ אַריין, — פאַרבייס איך אַוואָדע מיט אַ ליפּ און שוויג; אַ ברייִרע האָב איך?...

און נאָך יעדן שטאָך פיל איך, ווי זי מאַכט דאָרט אויבן אַ קניפּעלע... און ביי יעדן קניפּל, ס'הייסט נאָך יעדן שטאָך, דער־וויז איך וואָס אַ פרעג צו טאָן. ענטפערט זי אַפילו ניט; קוק איך, — און דאַכט זיך, אַז זי איגנאָרירט מיך... אָבער ביי זיך ווייס

איך דאָך, אַז דאָס איז מיין קאָפּ וואָס זי לאַטעט, בין איך איר שוין מוחל, וואָס זי איגנאָרירט מיך...

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם קאָפּ, נעמט זי זיך צו דער האַנט און פרעגט ניט ווידעראַמאָל קיין שיילעס, לייגט צו אַ ברעטל און נעמט זיך פאַרוויקלען אַ וויקלער; קוק איך אויף דעם און ס׳געפעלט מיר ניט די גאַנצע זאַך...

— טאָמער, — זאָג איך, — וואָלט דאָס גוט געווען אָן אַ ברעטעלע, ווייל איך וועל דאָך איבערשרעקן מיין ווייב.

— ענטפערט זי, ווי מען ענטפערט איינעם, וואָס מען פרעגט באַ אים קיין אייצעס ניט;

— אַזאַ שרעקנדיקע איז דיין ווייב?

און אַז איך האָב זי שוין יאָ באַוווירקט, זי זאָל מיר כאָטש ענט־פערן מיט אַ פראַגע; אָרגאַנעזיר איך אַלע מיינע קושים און גיב באַ איר אַ פרעג, אין אַזאַ טאָן, ווי מען וויל דערגיין אַ טיפן סאָד, וואָס מען איז זייער נייגעריק צו וויסן;...

— ווי האַלט דאָס טאַקע מיט מיר? און צי וועל איך נאָך פון דעם אַלעמען אַרויסקומען אַ לייט?

קוקט זי מיר נאָכאַמאָל אין די אויגן מיט עפּעס אַ מין פּיצנקן לעמפּעלע און מאַכט אַוועק מיט דער האַנט; ווייס איך ניט אויף וועמען איז דער מאַך, — אויף מיר, צי אויף מיינע וואונדן?...

און זי באַפעלט גלייך דער צווייטער, זי זאָל מיך פירן אין עקס־רעי צימער...

שלעכט, טראַכט איך. נאָר מיילע, איך גיי, כאַפּ איך זיך, אַז איך הינק אונטער...

באַמערקט זי דאָס גלייך, און הייסט מיר זיך אַוועקזעצן. נו, זעץ איך זיך; באַפעלט זי מיר איין קליניקייט: איך זאָל מוחל זיין און אַראָפּציען די הויזן...

קוק איך אויף איר און אויף מיינע הויזן און געפין מיך אין אַ פאַרלעגנהייט...

קוקט זי אויף מיינע הויזן און אויף מיר, און איך ווייס נאָך אַלץ ניט וואָס צו טאָן.

דרייט זי גאַנץ פיין אויס דעם קאָפּ און רופט אויס;

— דזשאַ—ן!

קומט ער צו, אַט דער דזשאַן, און איידער איך קוק זיך אַרום, בלייבט ער שטיין; זאָלט איר מיר מוחל זיין, מיט מיינע הויזן אין זיינע הענט... און איך שעם זיך, ווי אַ נאַקעטער אין כאָלעם.

די גאַנצע זאַך האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט מיט דעם, וואָס זי האָט צוגעלייגט אַ לאַטקע צום פּוס, און צו הינקען וועט דאָס ניט קומען.

מען פירט מיך אַריין אין עקס־רעי צימער, און איידער איך קוק זיך אַרום, — געוואָלט באַטראַכטן אַ מאַשין, אָנקוקן אַ שטיקעלע מעלאָכע... הייסט מען גאָר, איך זאָל זיך אַוועקלייגן. נו, מיילע, לייג איך זיך. לאָזט מען אַרונטער אויף מיר עפּעס אַ פּלאַכטע, ווי אַט, צעקנאַקט עס מיר מיין קאָפּ, ווי אַ נוס; דאָס בלייבט אָבער שטיין אין צייט און מורמלט מיר עפּעס אין אויער אויף איר מאַ־שינאָוון לאַשן, — פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז עפּעס וועגן מיין קאָפּ... אַזוי איין מאָל, אַ צווייטן מאָל און אַפילע אַ דריטן מאָל. און בין אַרויס מיט כעסעד; ס'הייסט מיין קאָפּ האָט מען מיר ניט צעקנאַקט.

פירט מען מיך אַריבער אין אַן אַנדער אָרט און מען הייסט מיר וואַרטן, — וואַרט איך; קומט אַריין אַט דער דזשאַן מיט אַ גלאָז וואַסער אין האַנט, כאַפּ איך זיך אַוואַדע אַן פאַר דעם און טרינק אויס ביזן דעק. און עפּעס קוקט זיך מיר אויף אַט דעם דזשאַנען מיט וואַרימע בליקן, — גיב איך אַ זאָג צו אים; גלאַט אַזוי פון פריילעכקייט־וועגן:

— דיר, אַז מען הייסט אַרונטערציען הויזן, ווייסטו ניט פון קיין כאָכמעס און טוסט דאָס גלייך...

— יע, — זאָגט ער, — וואָס זאָל דער אָרימער מאַן, טאָן?

— ע, — ענטפער איך, — וואָס דער אָרימער מאַן זאָל טאָן; דאָס זעסטו ווייס איך... פאַר אונדז איז דאָך שוין אַפילע קיין ברעקל גאָס ניט געבליבן, — אַז אומעטום פאָרט מען אויף אונדז!

— גערעכט, — גיט ער צו, — אומעטום פאָרט מען אויף דעם אָרימען מאַן.

— איז פאַרוואָס'זשע, זאָל מען פאָרן אויף דעם אָרימאַן!

— פאַרוואָס ?... ווייל זיי האָבן די מאַכט, — ענטפערט ער.

— טאָמער, — זאָג איך, — וואָלסטו אַ צי געטאָן פון זיי די מאַכט, ווי פון מיר די הויזן ?!

— דאָס, — גיט ער צו, — וואָלט געווען דאָס גלייכסטע צו טאָן... און גייט אַוועק.

איך קוק אים נאָך און זע, ווי דער אָרימאַן קומט צום סייכל. דערווייל זיץ איך דאָ און וואַרט, אויסצוגעפינען וואָס עס הערט זיך מיט מיין אָרימן קאָפּ. און כאָטש מיין קאָפּ דינט מיר, ווי אַלע־מאָל, וואָלט איך אָבער פאָרט געוואָלט וויסן, וואָס די מאַשין האָט מיר דאָרטן אָנגעמורמלט...

אַ ווײַלע שפּעטער קומט אַריין די דאָקטערקע מיט די בילדער אין האַנט און ווייזט מיר אַ בילד: בין איך אַזש אַ פאַרציטערטער געוואָרן, — הערט אַ מייסע: איך האָב דערזען אויפן בילד, מיין אייגענעם שאַרבן...

— איז וואָס׳זשע ציטערסטו ? דו דאַרפסט זיך, — זאָגט זי, — פרייען: דיין קאָפּ איז גאַנץ. און וועגן דעם, וואָס דו האָסט זיך פריער נאָכגעפרעגט, איז אַוואַדע ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן; אויב דו האָסט געהאַט אַזוינס, וואָס מען רופט, — מאַרך... וועסטו דאָס אויף ווייטער אויך האָבן...

— נו יאָ, דאָס פרייט מיך אַוואַדע. אָבער אַזוי־אָ — ווייז איך אָן אויפן בילד, — ווער איך אויסקוקן, וואו עס גרינען די גראָזן ?

—יאָ, — ענטפערט זי, — אַזוי וועט מען טאַקע אויסקוקן אונ־טער אַ בערגעלע גראָז...

און זי גיט מיר אַ ווייז נאָך אַ בילד, וואו מיין אייגענער סקע־ליעטן־קאָפּ, סקאַליעט אויף מיר די ציין און לאַכט מיך אויס מיט דער כאָכמע פון אַלע כאָכמעס.

— כאָכים מיינער, — טראַכט איך, — וואָס לאַכסטו פון מיר מיט אַזאַ ווייזהייט... און קוק אין זיינע שוואַרצע אויגן־לעכער און דערזע טאַקע דעם שוואַרצן סאָף...

— און דאָס, — זאָג איך, — איז דער טוי—ט ?...

איז פאַר וועלכן טייוול, פאַרטאַכלעוועט מען, דאָס שטיקעלע לעבן!...

און אַז מען איז שוין געקומען צו דעם; אַזוי־אַ. ניט דיר. ניט מיר; — אַ קוק צו טאָן אויף דעם אייגענעם סקעליעט, וועט מען דאָך שוין מוזן אַ שיק טאָן, צו אַל־די־טייוול, אַט־די־אָ וואָס פאָרן אויף מענטשן:

— האָסטו געהע—רט?...

# פון טיפער נאַכט

אין טיפנאַכט, פולער שאָ,
ווער איז, ווער איז,
ווער לויערט דאָ?
מיט ווייכע טריט אין טיפנאַכט־שאָ —
גיב אַכט, גיב אַכט!
דאָס לויערט דער, וואָס כאַלעמט דאָ,
אין טיפנאַכט, פולער שאָ.
איז ווערזשע ווען, כאַלעמט דאָ?
גיב אַכט, גיב אַכט!
אַ צונט־רויטער בריק,
אויף זיידן־שטריק,
פירט צו וועלטן ליכטיקע —
ווער פירט, ווער פירט פון טיפנאַכט־שאָ?
ווער גרינט די אויגן מיט סינע דאָ?
גיב אַכט, גיב אַכט!
זיידן־שטריק, אָן בריק געקניפּט;
אַראָפּ, אַראָפּ ביזן דנאָ!
סינע גרינט,
צונטער צינדט —
נאַכט פאַרבלינדט אין לעצטער שאָ;
גיב אַכט, גיב אַכט —
איך כאַלעם דאָ!

# יערושע

א

קום איך אַרויף צו אים, טרעף איך אים אַ בייזן, צופּט אַ מאַנטל וואָס איז אָנגעטאָן אויף אַ פיגור — דרייט, גלעט און פאַרגלעט ביט, ווייזט אָן טאָעסן: אַ באַלמעלאָכע קומט צו, לאָזט זיך אים קאָעסן, ווערט ער נאָך בייזער; כאַפּט אַראָפּ דעם מאַנטל פון פיגור. דער מאַנטל גיט אַ פלאַטער אין דער לופט און ער טוט אים אָן אויף דער מאָדעל־מיידל, ציט זי פאַר די שולטערן, דרייט זי אין זיינע אָרעמס — צופּט, ווי דאָס מיידל וואָלט אַ טויטע פיגור געוועזן...

דער באַלמעלאָכע בויגט זיך אָן, גיט אַ שאָקל מיט דעם קאָפּ, ווי איינער זאָגט — מ׳וועט שוין צורעכט מאַכן.

אויף זיין שטומען וואונק בלייבט דאָס מיידל שטיין ווי אַן אַטעמאָט און ער צייכנט ווייסע פאַסיקלעך אויפן שוואַרצן מאַנטל.

דער באַלעבאָס קאָכט זיך, און ער ווי ער שטייט אָנגעבויגן און צייכנט די פאַסיקלעך, רעדט ער אַריין אין מיידלס רונדן „קיין עין הרעה", — אַז איר קאָכט זיך, לאָזט אַרבעטן!

איך שטיי דערוויטערט און קוק: דערפילט דער באַלעבאָס, דאָס פרעמדע אויג, דרייט ער זיך אויס מיט דעם פּאָנים צו מיר און איז גרייט ווי אַ שמייכל צו טאָן; רוף איך זיך אָפּ אָנווייזנדיק אויפן באַלמעלאָכע — ער איז גאָר שולדיק? — איך האָב געמיינט דאָס מיידל — איר האָט זי אַזוי געצופּט...

דערפילט ער דאָס שפּיזיקע פון שפּאָס און די מויל־ווינקלען וואָס זיינען גרייט געווען צו שמייכלען, פאַרקרימען זיך ווי אין אַ בייזקייט; ער גיט אַ הוידע זיין קין, אַ וואָרף איין איינציק וואָרט, — קלאָוקס! און לויפט אַרויס.

ב

איינמאָל אין אַ טאָג אַזאַ, אין שאַפּ איז קיין אַר־בעט ניט געווען; אַרבעטער ברייען פּאָליטיק און מעסטן אויס די וועלט אויף דער דלאָניע.

איינער נייט נאָך אָן די קנעפּלעך און רעדט אַריין דורכן באָרד אין מאַנטל — ניאַ־ניאַ... ווי איינער זאָגט: ס'איז, אי אַזוי, אי אַזוי. —ניאַ־ניאַ... און צימבלט צו אויף אַ פּאָדים ווי מיט אַ סטרונע.

עס וואַקסט אויס דער באַלעבאָס פאַר דעם יידן, נעמט אין האַנט אַ מאַנטל, קוקט אויף אים און זעט ניט... און די אַרבעטער ווייזן, שוואַרץ אויף ווייס — די גאַנצע וועלט אויף דער דלאָניע. דרייט איינער, איינעם פאַרן קנעפּל, צופּט דער צווייטער פאַרן לאַץ, און מען שאַנעוועט זיך ניט:

איינער, — איז אַזאַ אַזוינער...

דער, — אַ וואַי־סעכ־וואוס...

און דער איז גאָר אַ קוגל־מוגל...

ווערטער ווערן בייסיקער, געבליץ פון אויגן, געפּלעכט פון הענט; עס קאָכט, עס ראַשט...

פאַקטן לייגן זיך אין קלאַפּטער, און פאַרדעכלען זיך מיט זעץ אין שטערן:

— אַ זון פאַר דער וועלט — אַ זון!

—דייך מאָשל הינקט!

—קענסטו לעבן אויף דער זון?

— דו וועסט אָפּסמאַליען דעם אָכער!...

— דאָוער־אָכערשן, סמאַליעט מען טאַקע!...

— פאַרשטייסטו שוין, קאָפּ־קעפּעלע, אַ זון פאַר דער וועלט — אַ זון! און דער איד דרייט דעם פּאָדים אַרום אַ קנעפּל און צימבלט צו ווי אויף אַ סטרונע.

צו אַ זייט שטייט דער באַלעבאָס ווי אַ פאַרמויערטער — קומט ניט צו, און די אַרבעטער זיינען פאַרקאָכט אין סאָוועטנלאַנד.

און מיר אין ראַיען צעפּאָרט זיך איינער רייטנדיק אויף אַביינקל, זינגט און צימבלט צו אויף אַ מענדאָלינע:

ס'איז אַ טפּיסע אונדז די וועלט.
קעמערלעך באַזונדערע;
בורי, בורי, בור—בור—זשוי,
רוסנלאַנד איז שוין אונדזערע;
העי, עי, — העי—העי—יעי —
ווייל ראַטנמאַכט איז אונדזערע!

ג

כעוורע, כעוורע, כאַוורוסע:

אַ הערינגל ליגט שוין צעלייגט אויף אַ ווייס פּאַפּיר, אַ שטאַ־כעטל ציין־העלצלעך איבער אים און אַ לעבל ברויט באַוואַכט אים. דאָס פלעשעלע קוקט מיט דעם העלדזל אַרויף, און מאַכט זיך ניט ווייסנדיק ווי עס גלימערט אין אים און ווינקט... די גלעזעלעך נעפּ־לען זיך נאָך — ניט—אַ... איינער אָבער רייבט שוין באַצייטנס די הענט, — כעוורע, כוועריע...

מען כאַפּט אַראָפּ די רעקעלעך, מען צעזעצט זיך אויפן לאַנגן ווייסן טיש, מען פאַררויכערט ציגאַרעטלעך, מען קנאַקט אונטער מיט די צינגער און מען לאָזט רויך...

איינער אַ מענטשעלע זיצט ווי בודאַ, מיט אַ בייכעלע, וואַרפט גיך, גיך די האַריקע הענטלעך — טאַשט די קאָרטן. אַ פּענימל האָט דאָס ווי אַ באַרשט; שוואַרץ און גרויע שטעכלקעס, און ברעמען ווי זשוקעס, פליגלען אים איבער די אויגן, אַ נעזל אַ רויטס — אַ מעהודערל...

— נעמט קאָרטן; קרייט דאָס מענטשעלע אַרויס און טיילט.

איינער, נעבן אים זיצט ניט איין, אויפן ברעג טיש; אַ בראָנזי־קער אַזאַ. האָר — זשאַווער קאָליר, אַ פּאָנים אַ באַפּלעקטס, אָבער וואָרים ווי אַן אויוון, — עס זידט... אַ טשוביקל באַמבלט זיך אים פון רעכטן זייט שטערן, רויכערט און לאָזט רויך מיט אַ פּיי—ף... אַ יאַט, זעט אויס; זעץ מיט אַ האַמער און דאָס וועט קלינגען...

אין ראָג פון טיש, שטייט איינער, האַלט די הענט אין די קע־שענעס און דרייט זיך...

— וואָס דרייסטו זיך, פרעגט אים דער יאַט.

— כ׳שפּיל ניט, ענטפערט ער, כ׳שפּיל ניט. און דרייט זיך...

דער יאַט רוקט אים אונטער אַ האַלבן טאַלער און ער בעט שוין קאָרטן, — ער שפּילט שוין, הייסט דאָס, יאָ...

ציגאַרעטלעך גליען, צינגער דרייען זיך און די קאָרטן פליעסקען אונטער אויפן טיש — מען רייבט „אַ גיימקע״...

און דער וואָס האָט זיך געדרייט פאַרן האַלבן טאַלער, דרייט זיך שוין איצט נאָך אים...

— ביזטו דאָך אַ ווּיסטער קאַליקע! מאַכט צו אים דער יאַט, און לערנט אים ווי אַריינצוקריגן אַ פּאָר „מאַלקעס״. ווען מען טיילט די קאָרטן, מאַכט ער אַ פּאָר גוגו־אויגן, ווינקעענדיק, פייפנדיק, אַרויס־צורופן „מאַלקעס״ און דער אוילעם כאַכעט.

— באַלעבאָס, אַ האַנט! קרייט אויס דאָס מענטשעלע. און ער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט ווייכע טריט איבערן שאַפּ, איז זיך מעכייע וואָס ער קומט צו, אַ געראָפּענער...

ער שטעלט זיך אין ברייט פון טיש, קעגן מענטשעלע, זיין ראָק פון גרויען געוואַנט, אַ צווייברוסטיקער, פאַרקנעפּלט אויף אַלע קנעפּ — ווירדיק; נעמט קאָרטן און קוקט אין זיי אַראָפּ ווי ער וואָלט דוכענען... אַז אין מיר האָט זיך אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק אויף אים — אַ זייל... און ער פּוילט דער זייל — ער פּוילט...

מען שפּי—לט... די קאָרטן לייגן זיך שטיל אויפן טיש און דער פריערדיקער ראָש פון שפּיל, פאַרשווינדט, פאַרשוויינגט, ווי מיט אַ וואַסערל...

יעדערער מורמלט זיך זיין ניגן און עס צאַנקט ווי אַ כיילעוון ליכטל...

דער באַלעבאָס מורמלט אַ פּערז, פון אַלעקסאַנדער בלאָקס — צוועלף:

„אי וו׳יוגאַ פּיליט אים וו׳אַטשי,
דני אי נאָטשי נאַ פּראַליאָט״.

כאַפּט זיך מיר אַרויס אַ צווייטער פּערז, און פאַרכאַפּ זיך...

קוקט ער... איך קוק, — מען קוקט זיך אָן...

די באַלמעלאָכעס דערפילן עפּעס און שנאָרכען מיט די נעזער...

— געגאַנגען, מאַכט דער באַלעבאָס און איך לאָז אַראָפּ די אויגן, — מען שפּי—לט...

איינער ליגט האַלב אויסגעצויגן אויפן טיש, שפּרייט די קאַרטן און זינגט אין זיי אַריין מיט אַ ווייס־פאַרפייניקט ניגנדל:

לײדיקע גלעזעלעך, ווילן ווערן פול.
פולע, ווילן ווערן ליידיק...
און צו דיר מיין לעבן, ציט דאָס האַרץ.
צו דיר וועט ציען אייביק...

— — — — — — — — —

דונ—דאַי, דונ—דאַ—י...

— ס'ווערט אומעטיקלעך... קנייטשט זיך דאָס מענטשעלע און קוקט צום פלעשל...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קאַרטן! זעצט דער יאַט אין טיש, און כאַפּט זיך צו די גלעזלעך.

דאָס מענטשעלע נעמט אַ גלעזל דער ערשטער און קרייט אַרויס:

— לעכאַים, כעוורע, מיר זאָלן דערלעבן די רעוואָלוציע.

— אָמ—יין! קלינגט אויס דער יאַט מיט דעם צונג פון אַ גלאָק און טרינקט.

— צעזעצט זאָלט איר ווערן; דריגעט איינער מיט אַ פּוס אין דער לופט פּאַר נאַכעס, און ווי ער ליגט אַזוי האַלב אויסגעצויגן אויפן טיש כאַפּט ער זיך, צו זיין גלעזל.

דער באַלעבאָס טרינקט און קוקט מיט אַ ווינקל פון אויג צום הערינג און דער יאַט פלייסט זיך; זיצט ניט איין אויפן טיש, — האַלט אין איין האַנט אַ שטיק ברויט. אין דער צווייטער הערינג; זינגט און דיריגירט זיך אַליין:

איך וועל נאָך זיין, אויך אַ טאַליען,
היינגען באַסעס אויף אַ שטריק;
דזשיזעס, דזשיזעס, דזשיזעס קראַץ מיך,
ווייל איך בין אַ באַלשעוויק!

הילכיקער געלעכטער, דרייענדיקע רויטע ציגגער — בליאַסק פון ציינער.

דער באַלעבאָס זיצט שוין אויף אַ שטול, אָן דעם ראָק, מאַכט אום מיט די הענט: — אַי כעוורע, כעוורע... אָבער ווי איך אָן אונטערטאָן, פון ערגעץ טיף — אַי, כעוורע... כעוו—רע... און פּאַכעט מיט די ווייס-געאַרבלטע הענט.

דאָס מענטשעלע טאַשט שוין ווידער קאָרטן, וואַרפט גיך, גיך מיט די האָריקע הענטלעך, און די שפּיל פאַרקאָכט זיך, לעבעדיק, לעבעדיקער.

עס עפנט זיך שמאָל אַ טיר; אַ בלאָנדע קעפּל העלט אַריין אַ קאָל — רופט דעם באַלעבאָס צום טעלעפאָן.

דער באַלעבאָס קוקט זיך ניט אום, — שפּילט.

דער יאָט ווינקט צו איר מיט אָן אויגל; באַוויזט דאָס קעפּל, צוויי שורעס ווייסע ציין און וואָרט.

— באַלעבאָס. מען רופט צום טעלעפאָן, קרייט דאָס מענטשעלע אַרויס.

קוקט ער ניט, און זאָגט: — „אי״ם נאָט אין״. ער איז הייסט דאָס ניטאָ...

דאָס קעפּל פאַרשווינדט, און דער יאָט וואַרפט איר נאָך אַ קוש, און פאַרגייט זיך אַזש: — אַי, אַ טשאָ—טש—קע... און מען שפּילט, לעבעדיק, לעבעדיקער. ווערטער באַמבלען זיך ווי באַב, און האָבן דעם טאָם פון קאָרשן...

אין אַ ווינקל פון שאַפּ, שטייט די נייע מאַשין וואָס איך בין געקומען איינשטעלן. איך זע די מאַשין וואָס איז נאָך איינגעפּאַקט אין קאַסטן. איך קוק אויף זיי; דער באַלעבאָס מאַכט אום מיט די ווייס-געאַרבלטע הענט. דער קאַסטן איז געלבלעך, פינטלט שוואַרץ... און פון ווינקל שווענבלט זיך, אַ גרין-רויכנדיקער בליק — ווען וועט די מאַשין פון דאַנען פאַריאָגן?!...

איך גאַנווע זיך אַרויס פון שאַפּ און אין קאָפּ האָגלט זיך מיר און נעפּלט:

אַי, כעוו—רע, כעוו—רע...
כעוורע, כעוורע, כאַוורוסע!
א—י, כעוו—רע. כ—ע—וו—ר—ע...

ד

איך שטעל איין די נייע מאַשין, און זוך אים ער זאָל אונטערשרייבן אַ שאַ אַרבעט; טרעף איך אים שוין ווידער ריידן „קלאָוקס”, רוק איך אים אונטער אַ קאַרטל און זאָג, — שרייבט אונטער אַ שאַ.

— אַ מאַ—שי—נאַ—ווע?... מאַכט ער זיך טאַמעוואַטע, און גע—לט?...

טוט אַ קוויטש דער אויל צווישן מיינע פינגער; — אַז האַנד־לען, זאָג איך, זאָל זיין, — נו, געהאַנדלט;... גיט מיר צוריק אַ רעגע, שיינק איך איך די שאַ, די מאַשינאָווע!...

ער האַלט אין האַנט אַ מאַנטל, גיט ער אים אַ שליידער... און לאָזט זיך גיין, גיך, גיך אין ליינג פון שאַפּ.

איך קוק אים נאָך און ווי די פּוסטקייט פון אַ טרויב וואַלט זיך נאָכגעצויגן אין דער ליינג נאָך אים.

עס גיט מיר אַ פּלעמל אַ צונטער אין פּאַנים, — פּוסטקייט! דער־פילט זיין פּוסטקייט...

איך רייב מיין פּאַנים מיט די אויליקע הענט, — לעשן, לעשן, און דער שאַפּ דרייט זיך ווי אין כאַלעם...

מאַשינען רוישן; שיטן שרויט אין מיין קאָפּ און עפּעס הודיעט, פאַרגייט זיך אין געוואַי, ווי אַ וואָלף, אין אַ וואַלד, פון אַ טאָל...

איך וואַרף אַ בליק צו די מאַשינען; געוואַגטן פלאַטערן איבער די טישן, אין אַ שוואַרץ־געל, העל און גרוי געפלאַטער, — געפלעכט פון הענט; פלייצעס ברייטע, ווייס און גרוי־באַהעמדט — מאַציוועס, צי וואָס?...

עס הוידעט זיך דער יאַט אויף אַ פרעס־מאַשין, וואָס פייפט. אַ בינטל האַר, באַמבלט זיך אים אויפן שטערן און טראָפּנס שוויס ריזלען פון זיין בראָנזיקן פּאַנים, — און ס'איז כאַלעם...

— דו האָסט אַריינגעזאָגט דעם באַלעבאָס, קרייט צו מיר אַ קאָל.

— דו האָסט אים אַריינגעזאָגט, קרייט צו מיר דאָס מענטשעלע, און וועקט מיך, דערוועקט; דערמאָן איך זיך אָן יענעם, וואָס איז אַנטלאָפן פון זיין פּוסטקייט. און ווי ביידע זיינען דאָס געזעסן ביים קאָרטן־טיש — דער און יענער. און ווי ביידע האָבן עס איינע די אַנדערע געזוכט אין דער פרייד פון הערינג אויפן טיש, אין פלעשעלע וואָס האָט זיך געגלימערט. און ווי יענער האָט זיך דאָס פּאַרטראָגן; ווייט, ווייט, — ווי אויף די סיביריש־שנייאיקע־פעלדער, אין אַ קרוז־ זשאָק פון כאַווײרים־קעמפער. און ווי איך האָב אויף אַ ווײלע פאַר־ געסן, — אים, דעם באַלעבאָס, און דערזען אין אים, דעם אַמאָליקן קעמפער, פאַר דאָס גרויסע־געדערעכט. און צעוואָס האָב איך באַ אים געמאָנט וואָס אַ מענטש קען ניט געבן...

און דער אַזאַ קליינינקער, מיט אַ בייכעלע, קערט מיט אַ בעזים און טאַנצט אונטער; מען רופט אים געוויס, דער מיעסניק פון שאַפּ, און ווי שיין ער איז, — אָט דער אָ, מיט דעם בייכעלע; איך פיל, ווי אים אויפצוהויבן איבער מיין קאָפּ, — אים אויסצעזינגען — אויסזינגען, אַ מענטש.

ה

איך קוק אַריין אין אַ פענצטערל, און פרעג אויף מיסטער „דזשי‟, בלויט אַ מיידל אַ פּאָר בליקן אויס און עפנט באַלד די טיר; זי שטרעקט אַ בליענדיקע האַנט, וואָס פאַרשפּיצט זיך מיט אַ בלויער פאַנטנפּען, און גרויסע בוכשטאַבן גאָלדיקן זיך פאַר מיר, — „נאָ אַדמישן‟ און פון אונטן אַ שורע קלענערע, — „מר. דזשי‟.

זיין כיידער־מעיוכעד, גרויט זיך מיר... און גיי אַריין; דערזע איך אים... זיצט אין שטילעניש אויף אַ שטול, צוויי זיילן־הענט שפּאַרן אים אונטער זיין קאָפּ, און אַ ציגאַר שלאָפט אין זיין מויל... ער ציט אויס אַ האַנט אויפן מאַהאַגעני־טיש און עס שפּיגלט זיך ווי אין בלוט... מיט דער צווייטער העלפט ער וועקן דעם ציגאַר — פּיף־פּאַף, פּיף־פּאַף. און איך זע אַ פּאָנים ווי דורך אַ טול — גרויט

און גרינט, מיט אַ נאָז וואָס שפּיצט זיך און איז ווייך ווי קיט, — איך שטוין...

שוויג איך אַ ווײַלע און זאָג: — אײַך איז ניט גוט מיסטער „דזשי״, אײַך איז זייער ניט גוט...

פרעגט ער מיך אויפן קאַרטל אונטערצושרייבן די שאָ אַרבעט; זאָג איך: — „קלאָוקס״!

פאַרשעמט ער זיך און שוויגט...

און עפּעס ברעקלען זיך מיר רייד, ווי הייסע אַרבעסן אין מויל; — אַריין ווײַ—ל...

— וואָס, ווײַל?

— נו גאָרניט!...

בעט ער מיך, נעמען אַ ציגאַר. און כאָטש איך רויכער ניט ציגאַרן; פירט מיר אָבער זיין בליק צו אַ שופלאָד פון טיש, איך עפן אויף און גאַף. —אַ בוך, י. ל. פּרץ. די געזאַנגען — „צוועלף״ פון אַלעקסאַנדער בלאָק און ציגאַרן.

איך גיב אַ וויש מיינע הענט אָן העמד, נעם אַרויס אַ ציגאַר; פלעמלט שוין דאָס צינדערל אויפן טיש, שפּיגלט זיך און בלענדט.

איך בויג זיך אָן איבער זיין טיש, דערזע איך זיך אין רויטע־רויט... און ער גיט אַ גלעט מיר מיינע האָר; — דו דערמאָנסט מיך פון אַמאָל...

איך קוק אים אָן... זיינע אויגן גרעסערן זיך, ליכטיקן און גלאַנצן; שפּיגלען מיך, אי דאָס צינדערל וואָס פלעמלט אויפן טיש. — צעציטערט זיך מיר אַ ליפּ, פאַרבייס איך מיט דעם ציגאַר און קוק...

און ער פּערלט רייד ווי צו זיך אַליין, זיין ראַיען העלט — קאַיאָר:

— איך האָב אויך אַמאָל געקעמפט פאַר רעכט... און מורמלט עפּעס און פאַררעדט; — יערושע... שאָפּ... סיסטעם... און עס צינדט מיך אָן; פון סיביר אַנטלאָפן צו ווערן דאָ אַ פאַראַזיט! פאַרקנייטשט ער זיך און שוויגט...

איך רויכער. ער רויכערט. — מיינע בליקן בליצן דורכן רויך, — צאַר און רויך...

דורך די דינע וועגטלעך דערטראָגט זיך, דער גערויש פון די מאַשינען אין שאָפּ; ער הערט זיך צו.

— זיי בילן אויף מיר, גיט ער אַ בריל... וואָרטשען ווי מען וואָלט אַנגערייצט הינט אויף מיר!

— יאָ, זיי בילן... בליץ איך אַ בליק.

— און וואָס איז דאָס פאַר אַ געוואַי, ווי אַ כייע פון אַ וואַלד

— דו הער—סט?

— איך הער!...

— אַ נייער טאָן, אין דער קאַפּעליע, מעשוגע צו ווערן!

שוויג איך אַ ווײַלע און בייטש אויף אים: — דאָס איז דאָך די „היי־ספּיד" וואָס איך האָב איינגעשטעלט. — די נייע מאַשין! ווען זי גייט איז ווי אַ ווינט, מיט קיין הענט ניט אַנצונעמען זיך!

— עפּ׳פּ׳פּ׳פּי — שעב—סי! גיט ער אַ פייף ווי אַ ווינט צווישן בלעטער און קייט דעם ציגאַר...

דער ציגאַר קאַעסט זיך, זשאַרעט, שיסט מיט פונקען... און אין צימער וואָלט זיך ווי אָנגעצונדן; עס האָגלען רייד, עס קנוילט מיט רויך:

— עס שטיקט, דאָ — עס שטיקט!

— מען מאָנט אָבער ניט וואָס מען קען ניט געבן!

— עס שטיקט דאָ — עס שטיקט!

— אַ וועלט אַזאַ וואו מען רייסט זיך פאַר די גאָרגלען!

— מען ווערגט זיך אַז מען שלינגט — הע?

מען ווערגט זיך!

— — — — — — — — — — —

— באַלעבאָס, אויסקערן דעם „אָפיס"? קרייט אַ קאָל.

כאַפּ איך זיך, אַז איך לויף דאָס דאָ אַרום און האָגל אויף אים, ווי אויף איינעם, וואָס פרעסט לייב און לעבן מיט זיין סטייק, און זויפט בלוט מיט זיין ווײַן!

איך גיב אַ פיר די אויגן, זע איך ווי דאָס מענשעלע שטרעקט אַ קאָפּ דורכן טיר, ווי אַ האָן.

דער באַלעבאָס שטייט אין אַ ווינקל אַזאַ גרויער אין טול פון רויך, ווייזט אָן אויפן מענטשעלע און רופט זיך אָפּ:

— ס׳ווערט לייכטער ווען דאָס קרייט אַרויס — ה׳ם׳ם׳ם...

איך קוק אויף אים און אויף דאָס מענטשעלע און פון שופלאָד זינגען אַרויס, בלאָקס פערזן:

מי נאַ גאָרע ווסיעם בורזשועם,
מיראָוואָי פּאַזשאַר ראַזדויעם.

און עס צעטאַנצט זיך אין מיר, טאַטע פּרץ:

כאָרעוו וועט ווערן די וועלט,
און מיר וועלן זינגענדיק אויף אירע כורוועס גיין.

דאָס קעפּל, פאַרשווינדט, קרייענדיק ערגעץ הינטער די ווענט־לעך; די טיר שווינגט זיך אום הין און הער, טרייבנדיק דעם רויך.

דער באַלעבאָס שטייט אין ווינקל און לאַכט אין זיך אַראָפּ מיט אַזאַ קנייטשיקן געלעכטערל, ווי אַ וואָסערל אַ שטילס...

איך גיב אַ מאַך מיט דער האַנט איבערן רויכיקן צימער און אין האַלדז גאָרגלט זיך מיר — גו—גו... גו—גו...

נ. י. 1929

אַגעוו, מיין ערשטע זאַך,
אין דער פּאָרעם געשריבן.

# דער לעצטער פון זיין דאָר

ער געפינט זיך היינט קיין אָרט ניט. שפּאַנט ער אַרום איבערן שאָפּ; — ק—הע, ק—הע... ס׳איז ניט קיין הוסטן באַ אים. ס׳איז אים פון פּוסטקייט. — ק—הע, ק—הע...

ער וואַרפט אַ בליק צו דער מאַשין וואָס נייט אויס די לעכלעך אין די העמדער; בויערט זיך דער קלאַנג פון מאַשין, אין זיין פּוסט־קייט אַריין...

ער קומט צו דער מאַשין וואָס נייט אָן די קנעפּלעך, זעט ער ווי די נאָדל טאַנצט איבער אַ קנעפּל און אין דעם געמורמל פון מאַשין, דערהערט זיך ווי דער געקלאַנג פון אַ העמערל, און ס׳איז צוגעניייט אַ קנעפּל...

טראַכט ער פון די כאָכמעס וואָס מען האָט זיך דערוואָרבן, — איינצונייען אַ קנעפּל; — ק—הע, ק—הע... זערפילט דאָס מיידל ביי דער מאַשין, זיין בליק אין איר רוקן, דרייט זי זיך אויפן ביינקל; טראַכט ער, — אָט אַ באַשעפעניש, פידלט מיט דעם רוקן ווי דאָס וואָלט געזעסן אויף שפּילקעס... כאָטש ער זאָגט דאָך איר גאָרניט.

זי דערלאַנגט אַ קנעפּל דער מאַשין. פאַרקלעמט די מאַשין דאָס קנעפּל אין די שטאָלענע פינגער, און הויבט אָן מורמלען צו גיין, גיט זיך אַ צעשפּרינג דאָס קנעפּל אין פיצלעך; פרעגט ער זיך נאָך אויף דער מאַשין; זאָגט זי; — די קנעפּלעך זיינען ניט קיין גוטע.

שפּאַנט ער ווייטער און מורמלט: — מען נאַרט... אַפילע אין קנעפּלעך נאַרט מען! הערט ער ווי די איטאַליענער אין דער פּרעסער־אָפּטיילונג, זיינען עפּעס פאַרקאָכט אין אַ גערעדעריי, פאַרקייכט אין אַ גאָרגלעריי — הימל עפּן זיך — אַ זיד און אַ זאָג. אַ זידן, אַ זאָגן: וואָס — ווען? גאָרניט; מען רעדט דאָס אַזוי...

— הייס בלוט, גיט ער אַ מורמל און עפנט די טיר; ווערט דאָס גערעדעריי ווי מיט אַ שווערד אָפּגעהאַקט....

ער נעמט זיך קלוימערשט קוקן אויף אַ העמד, און זעט ווי די אייזנס באַ זיי אין די הענט, זיינען ווי צוגעוואַקסן צו די דלאָניעס און טאַנצן דערמיט אויף די העמדער; אַ טאַנץ און אַ גליטש. אַ גליטש און אַ טאַנץ. און מען שווייגט...

— גוילעמס, ער זאָגט דאָך זיי גאָרניט. און וואָס אַרט אים אַז זיי ריידן; זיי אַרבעטן דאָך פון שטיק...

אַזוי איז שוין מיט אים. אַזאַ איז ער; אַ געשטאַלט. אַ בליק, וואָס דערווייטערט יעדן פון אים; דערפאַר טאַקע, איז ער אַליין, אַלעמאָל אַליין: ער פּרובירט דאַכט זיך, פאַרפירן מיט מענטשן אַ געשפּרעך, ווי פון האַרץ, צו האַרץ; ווערט אָבער יענער ווי אָפּגע־שטויסן פון אים, — דאָס ווייב אַפילע, די קינדער. און ער איז אַליין, אַלעמאָל אַליין.

ווערט אים אַזוי אָפּט אומעטיק, אַזוי העוול־האַוואַלמדיק, אַליין.
— ניט גוט אַליין...

וואָלט ער די באָרד אַראָפּגענומען, אויסגעטאָן די יאַרמולקע, פאַרוואָרפן דעם היימישן זייגער מיט דער קייט. וואָלטן זיי זיך אַזוי ניט געשראָקן פאַר אים...

איז וואָסזשע? וועט ער צוליב זיי מאַקריוו זיין די באָרד? נו און צוליב זיך? צוליבן צעלעם עלויהים!

עס איז אויך עמעס, אַז די באָרד פאַרקויפּט העמדער... וואָס אַן אַנדערער דאַרף זיך אַנריידן, מאַכט ער דאָס מיט אַ בליק; איז וואָסזשע, די באָרד? גוט זאָל זיין אַזוי; האָט ער דאָך אָבער געטראָגן אַ באָרד, איידער נאָך די העמדער...

פון דעם אַלעמען רעדט זיך אין אים היינט, ניט דערלאָזן דעם העוול אַזוי וויסטיקן און ווינטיקן אין אים היינט.

ער גייט אַריין אין אָפּיס זעט ער ווי זיינע זין זיינען שוין דאָ מיט אַ קנאַק... מען שמעקט מיט פאַרפיום און מיט דעם לעקעך פון אָנבייסן; דער מיט די וואָנצעלעך, פייפט אין שפּיגל און גלעט זיך נאָך. כאָטש די האָר זיינען גאַנץ פיין פאַרקעמט, אין העלפטן צוויי, מיט אַ שרו—נט... און די העלפטן צוויי קוקן אויס ווי אַ פּאָר ריזן־פליגל פון זשוקעס. — עס גלאַ—נצט...

און דער, דער אינגערער, דער יאָדערדיקער איז שוין גאָר אָנ־

דערש פאַרקעמט: די האָר אַרויף, אַן אַ גלאַנץ ווי נאַכלעסיק. — אַ פיר מיט די פינגער אַרויף קאָפּ און קאַכט זיך עפּעס וועגן אַ גאַדל אין מייסע־ספּאָרט...

מיילע, וועט ער שוין זיי גאָרניט זאָגן פאַר קומען צען דעם זייגער; — וואָלטן זיי כאָטש גוטמאָרגן זאָגן!... עמעס טאַקע, אַז מען נעמט איין אַ שטילעניש און מען איז אַפילע גרייט מיט אַ טערעץ... איז ווער דאַרף די טירוצים זייערע? און וואָס וואָלט ער זיי געטאָן, ווען זיי קומען נאָך שפּעטער? און דערצו נאָך דער־ציילט אַ מייסע מיט אַ ראָד? — ראַק עס פּלאַצן באַ זיי די רעדער...

און פון דעם גאַדל זייערן, וועט ער זיך אויך ניט אָפּעסן דאָס האַרץ; ער וואָלט אָבער פאַרט וועלן צעזאַמען ריידן זיך מיט זיי, — ווי אַ טאַטע צו זין. הייבט ער קלוימערשט אָן פון דעם גאַדל זייערן; אַז פון דעם וואָס זיי קאַכן זיך, קען טאַקע זיין עמעס.. . אַז דער איז בעעמעס, אַ גאַדל־בעיסראָעל...

— דאָס אַלץ איז דאָך אָבער פאַרן גוף!

— נו און פאַר דער נעשאָמע?!

פאַר דער נעשאָמע — שפּרינגט אויף דער אינגערער, און מיט דעם זעלביקן פאַרכאַפּ, ווי פאַר דעם פריערדיקן גאַדל...

— פאַר דער נעשאָמע, איז... שפּינאָזאַ, — דאָס איז דער מאַן!... און רופט נאָך אָן אַ פּאָר נעמען, וואָס ער האָט געלערנט אין „ען־וואַי־יו— און קוקט נאָך אַפילע איצט אַרייַן, אין אַ רעגנדיקן — אָוונט...

מאַכט דאָך דער אַלטער אָוועק מיט דער האַנט, ווייל ער וועט דאָך ניט ריידן פון אַן איניען וואָס ער ווייסט ניט...

ווערט דער כעוורע־מאַן ווי אַנגעצונדן: — שפּינאָזאַ אויך ניט! און דרייט אויס אַ נאַקן פון דעם זיידענעם קאָלנער, שטעלט אָן אַ פּאָר קוקערס און איז גרייט מיט דעם שטערן, ווי אַ יונג בעקל אַ שטויסצעטאָן זיך...

קוקט ער אים אָן, דעם בען „ז׳זוניק" — אַזוי צו זאָגן; ס׳קאָן דאָך ניט זיין, אַז דער אָ, זאָל פון אים גאָרניט יאָרשענען... ס׳קאָן דאָך ניט זיין, אַז אין דעם אָ, זאָל עפּעס פאַרלאָרן גיין, — אַזאַ יונג...

דערזעט דער עלטערער, ווי דער באָכער דרייט אויס אַ נאַקן און שטעלט אָן אַ שטערן, קעגן טאַטן, ווי קעגן אים אין אַ געפּעכט, דרייט ער אַ וואָנצל און כּוויזעקט; — אַז ער זאָל שוין אויפהערן האַמערן אין קאָפּ, מיט זיינע פילאָזאָפן. אַז ער וואָלט זיינע פילאָזאָפן ווי אים, אָוועקגעשיקט אויף אַ וויסטן אינדזל ערגעץ, און זאָלן זיי דאָרטן פויקן דעם פּוסטן פויק!...

מאַכט דאָך דער אינגערער אָוועק מיט דער האַנט; טאַקע מיט דעם זעלביקן געמאַך, ווי דער אַלטער, ווען ער גיט אַ מאַך... און מען טוט זיך אָן די רעקעלעך, מען גיט נאָך אַמאָל אַ פּייף אין שפּיגל. מען נעמט די רענצלעך אין די הענט און מען גייט אַרויס מיט בלויזע קעפּ אויף יאָגט, — געשעפּט.

אַסאַך וועט ער פון זיי האָבן; וואָלט ניט דער איידעם זיינער וואָס פאָרט אַרום איבערן לאַנד, און ווען ער אַליין וואָלט ניט דורכ־געלופטערט, זיינע אַלטע קוינים אין „באָראָ־פּאַרק“ וואָלט שיין אויס־געזען זיין געשעפט... נאָר גאָרניט, זאָל מען כאָטש גיין און דורכ־לופטערן דעם לעקעך פון אָנבייסן, און דאָס שמעקעכטס פון די האָר, וואָס זעצט אַזוי אין נאָז — כּעוורע...

— דער, דער אינגערער, שניידט זיך יאָ אויף עפּעס; אַזעלכע פלייצקעס, אַזאַ קשיי־אוירעף, און אָן אָנשטעל פון אַ שטערן אַביסל... אָבער דורכריידן זיך? — נ—יאָ... צו דעם קומט עס ניט! און דער, — עט!... מ׳דרייט אַ וואָנצל און מען פייפט אין שפּיגל, — מ׳יויפעפיעט!...

— „שקר החן והבל היופי“. און טיילט שוין צו דעם אינגערן אַ פּאָסיק, און נאָך אַ פּאָסיק, פון דערעך־שאָלעם וועגן:

— „תפארת בחורים כחם“; און גיט זיך אַ גלעט אין איין זייט באָרד, — רעכטס. אין דער צווייטער זייט באָרד, — לינקס; — „והדר זקנים שיבה“...

דאָס לעצטע זאָגט ער ניט, נאָר מען זעט עס אַרויס פון אים; אַ פּאָר קויל־שוואַרצע אויגן מיט אַ גלאַנץ, און בייזערן זיך מיט ברע־מען — גרוי. בליען וויס און זיינען ערגעץ מעכאַפּער... אַ שטערן אַ הויכס און אַ צעברייטערטער; באַקרוינט מיט זיינע זילבערנע האָר. — אַ פּאָנים וואָס איז צעשפּאַרט פון כאָכמע. מיט אַ באָרד, גרוי־

ווייס, וואָס שפּיצט זיך פאַרצווילינגט און בליט, ביז דער קייט דער גאָלדענער. א ליכט העלט, ווי אַן אַבאַזשור אַרום פּאַנים, ניט צוצע־טרעטן צו אים...

איז ער אַליין, אַלעמאָל אַליין; איז גוט וואָס מען קאָן מאַכן אַ לעכאַים, טאַקע צו זיך אַליין... גייט מען זיך דורך אין כיידער־מעיוכעד, וואו עס איז אָנגעשריבן אויפן טיר מיט גאָלדענע אויסיעס — „נאָ אַדמישן" און מען מאַכט אַ לעכאַים מעקאַיעם צו זיין; — „ויין ישמח"...

— * —

פּתח כתיב:

און מען עפנט אַ סייפער. שפּרודלט שוין דאָס געזאַנג, ווי אַ קוואַל פון די טיפן. — האָ—אָ—האָ! — האָאָ, אָ, אָ... און האָ—אָ? און האָ—אָ—האָ—אָ?...

די האַנט וואָס האָט זיך געצויגן אין דער לופטן, ווי פרעגנדיק, פאַלט צו צום טיש, די צווייטע האַנט פאַרדעכלט די ברעמען ווי אַריינצעקוקן אין זיך; דער טיש פון שוואַרצן האָלץ וואָס גלאַנצט, שפּיגלט אים, און דעם סייפער פון טיש, — שפּיגלען זיי זיך ווי אין דער נאַכט...

אַ שטראַל פון דער זון טייטלט, — ער שוויי—גט...

נאָר עס שווייגט ניט דער שאָפּ!...

די האַנט פון טיש, הויבט זיך צו אַן אויער, די צווייטע פון די ברעמען, שאַרט זיך צום צווייטן אויער, — די ברעמען בייזערן זיך...

— האָ—אָ—האָ! האָ—אָ, אָ, אָ...

גראָבט זיך, גראָבט זיך מיט אַ ניגן, אונטערצעגראָבן, אונטער־צושפּילן, מיט אַ טיפן טאָן פון האַרצן; צו פאַרוויגן, צו צעוויגן, — לויטערן זיך — מאַסביר צו זיין דעם איניען.

בויערט זיך אַ פינגער אין דער לופט, און עס קוקט זיך ערגעץ אין פאַרבאָרגעניש, — צום מאָקער — — — — — — — — — — — — — —

האָ—אָ—האָ — — — — — — — — — — — — —

מען ווייסט דאָך שוין פון דעם... מען האָט דאָך שוין אין דעם

אַריינגעקוקט... נאָר ווען מען נעמט זיך אַ טויכטאָן אין די גרונטן, איז דאָך ניט אויסצעהאַלטן די טיפעניש...

און ער, דער כאַכים; פּויקט זיך אים מיט אַ פינגער איבערן אַקסל אויף הינטער:

— ער, דער כאַכעם, רעדט עפּעס וועגן די נייע כאַכאַמים און־וואויגים — געדוויליי־הדאַר׳ר׳ר...

— האַ—אַ—האַ,אַ, אַ... בויערט זיך אים אַ פינגער צו דער בויערן און בליט... עס צעליכטיקן זיך אומעטן אין פריידן, עס צעהעלן זיך אים טהוימען: — עתיק יומין. עתיק יומין.

די יאַרמולקע פאַררוקט זיך אים אויף הינטער, די ברעמען בליען איבער די אויגן און זיינען מעכאַפּער...

די אויגן ליכטיקן זיך און גלאַנצן; שפּיגלען דעם סייפער פון טיש. שפּיגלען די זוניקע שויבן.

זון פון אויבן, ליכט פון די אויגן — אַ פאַרבלענדעניש... אַ פּיר מיט דער האַנט אין איין זייט באָרד, אַ פּיר מיט דער האַנט אין צווייטער זייט באָרד, און שוועבט ערגעץ אין די אוילאַמעס האָעל־יוינים, — אין אומבאַגרעניצטער מאַכט. צום אומענדלעכן ציל, וואָס עס טייטשט זיך אין אים, און טייגעט פון אים; — עתיק יומין. עתיק יומין.

דאַרף ערגעץ אַ קלינגטאָן דער טעלעפאָן, ווי עס וואָלט זיך אים אַ שאָט געטאָן, הייסע פריסיק אין מויעד... דאָס צעהעלט פּאָנים, גיט זיך שעדיש אַ פאַרקרים און עס גיבן אים אַ בליץ די אויגן, מיט דעם גלאַנץ פון כאַלאָפים:

— האַ, וואָס? מען רופט!

כאַכאַמים דאָ אין נייעם לאַנד. — מיט טעלעפאָ—נס!

און אַז געשעפט, איז וואָס? — רייד אין טרייבל! דאָס מיידל, ווייס דאָך שוין, אַז אין טר׳ר׳רייבל וועט ער ניט ריידן...

ווייל ער קאָן באַשטיין ריידן צו אַ מענטשן פּאָנים צו פּאָנים:

— מען קלינגט דאָך אָבער אין גלאָק!

— מען בריזגעט דאָך אין מויעד! מען שלעפּט דאָך פּאַשעט אַראָפּ פאַרן באָרד, אין שאויל־טאַכטיע! און דאָ הודיען נאָך ערגעץ

די מאַשינען, — אַ כאַכמע האָט מען זיך דעוואָרבן! — נייע כאַכאָמים אינוואוינים, גדוליי־האַדאָר, — איינצונייען אַ קנעפּל!...

די סאַך מאַשינען האָט מען דאַך שוין פון לאַנג אָוועקגעגעבן. זאָל זיך יענער אייסעקן מיט דעם.. . דאָ האָט מען נאָר איבער־געלאָזן עטלעכע — אַ קוינע זאָל זען, אַז מען מאַכט דאָ אַ העמד... און ווי דאָס הודיעט, ווי דאָס בויערט זיך; — די נייע כאַכמע זייערע!

די האַנט וואָס האָט זיך געקריגט אין דער לופטן, פאַלט צו צום סייפער; אַ פינגער נישטערט בלינד:

— האַ—אַ—האַ, אַ, אַ...

און... די זין, — בני אריה־לייב!

נו נעמט אייך, צענעמט אייך אַלץ, היט אָבער אָפּ די נעשאָמע! ווייל דעם טאַם פון אַ העמד, האָט מען דאָך ניט... עפּעס פילן דעם נאַכעס, דעם טאַם פון אַ העמד צום לייב...

אַ טאַם, פון אַ יאַנטעווודיקער העמד, ווי אַמאָל אין פּראַג...

און עס גראַבט זיך דער ניגן, מייסים צו דערוועקן... רייסט זיך אין די הויכן צו די אוילאַמעס האָעליוינים; אָט וואָס עס אַרט — פאַרזינדיקן דעם טאַם פון אַ העמד...

און שפּיגלט זיך אין טיש, פיינלעך־ווייס. שפּיגלט זיך אין כוישעך: עס פאַרוואָרפט זיך אים זייטיק דער קאָפּ, וואָס וויגט זיך אום אויף דער זייליקער האַנט; — ווײ, ווײ, ווײ...

די מייסים פון די קוואָרים ניט צו דערוועקן, דאָס ליכט פון די הויכן ניט צו דערגרייכן; — ווײ, ווײ, ווײ...

ער בויגט זיך צום סייפער און נישטערט; דרייען זיך די אויסיעס פאַר אים.. . באַקומען פליגל, און צעפליען זיך פון אים... דאָס גערויש פון שאָפּ בויערט זיך, און אין מויעך דערבויערט זיך; דאָס מיידל ביי דער מאַשין, און דאָס ציגעלע פון כאַד גאַדיאָ... עס גיבן אים אַ גלאַנץ די אויגן, מיט דעם גלי פון פונקען; — כאַד גאַדיאָ...

עס גיט אים אַ הויב אויף די פיס, און שפּאַנט צום פענצטער, קומט צו און מורמלט אַראָפּ: — כאַד גאַדיאָ...

ער שפּאַנט איבערן צימער, גיט אָן עפן די טיר צום שאָפּ, און מורמלט אַריין אין גערויש: — כאַד גאַדיאָ...

פֿאַרהאַקט די טיר און קומט צו צום טיש, עפֿנט אַ שופֿלאָד און נעמט דאָס פֿלעשעלע אַרויס, און אין ראַיען וואָלט זיך אים ווי צעקרייט:

— לחיים, אריה־לייב, בן אורי צבי־הירש הכהן...

און זעצט זיך אַריין אין שטול, זיין קאָפּ זינקט אים אויפֿן ברוסט און אין ראַיען צעפֿלאַטערן זיך אים לייוונטן; לייוונטן פֿון מיליאָנען העמדער, — פֿלאַטערן, פֿלאַטערן; גאָלדיק־געל, גראָזיק־גרין, בלוי און ווייס, — אַ יאַם... און איבערן יאַם צעווינטיקט זיך אַ העמד — אַ לאַ—נגס... אַ ווײַ—ס... פֿליגלט מיט די אַרבל און שוועבט צו אים...

— האַ, — וואו—ס? גיט אים אַ קאָרטשע איין אין שטול; — צי איז דאָס ניט צומאָל דאָס העמד, וואָס וועט זיין נאָהענט צום לייב... נאָ—הע—נט, צום ליי—ב....

נ. י. 1930

# העננאַך

דאָס איז דער העננאַך פון אַמאָליקן שטעטל, וואָס האָט געלערנט צו זיין ראָוו. און וואָס מער ער האָט געלערנט דאָס ראַבאָנישע, איז אין אים דער אַפּיקוירעס אַלץ גרעסער געוואָקסן; איז ער אַרומגעלאָפן מיט צעפּלאָנטערטע פּאָלעס און געשטורעמט דאָס שטעטל:

— טשאַלנט, — האָט ער געליאַרעמט — טשאָלנט!

און ער האָט אַזוי לאַנג געשטורעמט ביז מען האָט אים אַרעס־טירט פאַר ריידן אויף גאָט און אויף דעם געזאַלבטן, — דעם קייסער.

איז ער אָפּגעזעסן זיין טורמע־טערמין און איז געקומען אין אַמעריקע. און יאָרן זיינען אַוועק און יאָרן זיינען געקומען; העננאַך שטייט ביי דער מאַשין און פּרעסט מאַנטלען; מען זאָגט אַז אין די יאָרן פון ניינצן־צען, האָט ער זיך דאָ געגוג אַנגעשטורעמט צו בויען אַ יוניאָן. און אַז ער האָט דערזען וואוהין די יוניאָן איז פאַרקראָכן; ווי פרעך און פאַרפירעריש זיינען אַסאַך פון די פירער געוואָרן, איז ער ברויגעס געוואָרן אויף דער וועלט, פאַרלאָזן זיך אַ בערדל, וואָס באַמבלט זיך אום ווי אַ פינזליקל פאַרשפּיצט; פון עפּעס אַ מין כמורנעם קאָליר און דאָס פּאָנים איז אים אויך געוואָרן אַזוי כמורנע, מיט די צעשטאַרצטע באַקן־ביינער. מיט אַ נאָז, געהאָרביקטע, פאַר־שפּיצטע. און די אויגן וואָס שטאַרצן פון אונטער זיין טיף־שלייפיקן שטערן, האָבן געגומען גלאַנצן אַזוי אומהיימלעך, ווי די פּיאַווקעס, און נאָגן דאָס האַרץ מיט די בליקן...

וואַקסט ער אַרויס אַזאַ געשטאַלט, צווישן די פּרעסער און די פּרעס־מאַשינען, וואָס לאָזן אַרויס דאַמף מיט אַ פּיף, און הוידעט זיך ווי אין אַ נעפּל אויפן טרעטער פון זיין פּרעס־מאַשין און שווייגט אַזוי אומהיימלעך, אַזוי כמורנע, ווי דער שאָטן זיינער וואָס טאַנצט אויף דער וואַנט.

— איז וואָס שוויגט אַ ייד, — רופט זיך ווער אַמאָל אָפּ צו אים.

— אויף דיין נאַרעשן טראָפּ, שוויגט אַ ייד!...

בלייבט שוין יענער ווי אָפּגעהאַקט און פרעגט אים טאַמעוואָ־טע; — אויף וועמען איז ער אַזוי ברוגעס?...

— אויף דיין פינצטערער מאַראַכע! וואָרטשעט ער אַרויס מיט פאַרשטעמטע ציין.

אַזוי אַ, האַקט ער אָפּ יעדן איינעם מיט אַן ענטפער, ווי מיט דעם שאַרף פון אַ שווערד.

און כאָטש שאָפּ טראַכט, אַז דאָס איז עפּעס אַ דזשיקאַן, פילט אָבער שאָפּ, אַז דאָס איז אייגן געביין, וואָס גליט מיט צאָרן אויף דעם וויסטן צאַר פון צו זיין פאַרקנעכט.

ווען איינמאָל בעשאָס אַ סיכסעך מיט דעם באַלעבאָס פון שאָפּ, איז דער באַלעבאָס צוגעלאָפן צו אים מיט פאַכנדיקע הענט:

— הענאָך, הערסט דאָך, הענאָך, — מיר זיינען דאָך עפּעס יידן!...

האָט ער אויף אים אַ בריל געטאָן, ווי אַ כייע:

ווער זיינען דאָס, די מי—ר׳ר׳ר!... און זיין כמורנער שטערן מיט די טיפע שלייפן האָט זיך צעצונדן ווי דער קאַם פון אַ האָן:

— מיט יידישקייט וויל ער מיך אונטערקויפן, — מיט זיין יידיש־קייט!

שאָפּ האָט דורכגעציטערט פון זיין געבריל.

און נאָך אַזעלכע רייד פון הענאָכן, וואָס ער האָט געשליידערט ווי אָנגעגליטע שטיינער; שטייט אַ פרעסער קעגן אים, אַזאַ רונ־דיקער, מיט אַ באָרד ווי אַ צעעפנטע שער פון קופער־קאָליר, וואָס זילבערט זיך שוין אַפילע, מיט אַ פּאָנים אויך אַזוי קופּערדיק; נויגט ער זיין הויכן געהאַרביקטן שטערן, צו הענאָכס ריכטונג ווי אָנצופאַלן אויף אים; ווייל עס שטייט אים ניט אָן, דער אַריינפאָר דאָ מיט יידישקייט און ער פאַרפאַרט אים מיט אַזאַ לאָשן:

— איז זאָג מיר נאָר, הענאָך, איך בעט דיך, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין יידישקייט באַ דיר?

— באַ מיר? — מען טרינקט עס מיט גאַל און מען פאַרבייסט מיט אַ ריפּ!...

פאַררייסט שוין יענער דעם קאָפּ, מיט זיין באָרד ווי הערנער־לעך צווייַ, צו הענאָכן:

— מען וועט דיך האַלטן פאַר אַ דזשיקאַן און מ׳וועט האָבן רעכט!...

דאָ צעהאַטשקעט זיך הענאָך, אויפן טרעטער פון זיין מאַשין; אַזוי, אַז זיין שאָטן צעטאַנצט זיך האַוואַיעסדיק אויף דער וואַנט:

— פון יענע דזשיקאַנעס וואָס וואָלטן מיט אַ פייערדיקן בעזים אויסגעקערט דאָס מיסט פון אייך!...

צענעמט שוין יענער ווי הילפלאָז די הענט:

— נו זאָג מיר נאָר הענאָך, איך בעט דיך, וואָס פאַר אַ וועלט וואָלט דאָס געווען, ווען זי באַשטייט פון אַזעלכע ווי דו?

— איז אייך גוט, — גיט הענאָך אַ בריל, וואָס די וועלט באַ־שטייט פון אַזעלכע, ווי איר?...

און יענער האַלט נאָך אין פאַרענדיקן:

— ס׳וואָלט דאָך געווען אַ וועלט פון מעשוגאָאים...

— יאָ, — גיט הענאָך אַ טראַסק מיט דער מאַשין; — איינער איז פון אונדז געוויס מעשוגע!

און וואָס ער דערערעדט ניט, און וואָס ער דערזאָגט ניט, גרימט אין אים, ווי רויכנדיקער סאַם, — עד, הענאָך!...

— * —

און דער מענטש מיט אַן אָפענער אויג האָט געזען, און דער מענטש מיט אַן אָפענעם אויער האָט געהערט, ווי עס ציטערן די פונדאַמענטן פון דער וועלט. און עס וואָרפט די וועלט אין קאָנ־וואולסיעס.

אומקום און פיין — כאַאָס, טויהו וואַוואויהו!

זע, — ווי מען רייסט זיך איינע די אַנדערע פאַר די גאָרגלען!

הער, — ווי זיי גויסעסן, ווי זיי כאָרכלען!

און וואָס פייער און שווערד פאַרלענדט ניט, פרעסט אויף די פינצטערע קנעכטשאַפט, — פאַרלענדט דער הונגער־טויט!

— יערידע, יערידע!

זע, — ווי פֿאַרוואָרגן איז דאָס האַלדז פֿון דער וועלט!
הער, — ווי עס קנאַקט וועלטס נאַקן!
—יערידע, יערידע!

און פֿון דעם כאַאָס, פֿון די יערידע־טיפֿן, קומט אויף, דורך רויט און טויט, פֿייערלעך־רויט; דאָס לאַנד פֿון סאָוועטן.

ליגט הענאַך, שלאָפֿלאָז דורך נעכט, מיט אַן אָפֿענער אויג און זעט, מיט אַן אָפֿענעם אויער און הערט, און פֿון זיין טיפֿסטע־טיף שפּרודלט זיך ווי אַ וואָסערל אַ שטילס;

— דו ביזט אַ באָלשעוויק, הענאַך... אַ באָלשעוויק...

און איידעס זיינען די נעכט, ווי ער האָט זיך געוואָרפֿן גע־שליידערט:

— האַ, וואָס? — איך!

— איז וואָס כאָקירעסטו הענאַך? ס'וועט דאָך פֿאַרטריקענען דיין געביין, פֿאַרסאַרפֿן דיין מאַרך!

— דו ביזט אַ באָלשעוויק, הענאַך!... אַ באָלשעוויק!...

און עס ציטערט און וויברירט אין אים, מיט אַזאַ אינערלעכן ציטער:

— צי וועט עס ניט אָפּמעקן מיין פּאָנים פֿון דער ערד, האַ? צעשטאָרן זיך זיינע אויגן אין דער נאַכט אַריין; עפּעס אָרט אים,
— דאָס זיין וויל זיך ניט אָפּמעקן!...

נאָר וואו עס זאָל ניט ווענדן זיך זיין בליק, פֿאַלט עס אויפֿן לאַנד פֿון סאָוועטן;

— דו ביזט אַ באָלשעוויק, הענאַך!... אַ באָלשעוויק!...

נו מיר שאַפֿן דאָס לעבן, לויט אונדזער באַנעם און ווערן דערלייזט!

און דאָ צעזיפּט זיך דער געדאַנק דורך זיין מאַרך דרויבע־לעכווייס...

— שאַ—פֿן, דאָס לע—בן. לוי—ט או—נדזע—ר באַ—נעם, און ווע—רן דער—ליי—זט;

— הייסט דאָס, די דיקטאַטור פֿון דעם וואָס שאַפֿט, און דאָס איבעריקע איז ליגן! שיינע רייד פֿון אַ ווייסער מעלוכע אין הימל, רויב און מאָרד אויף דער ערד!

— ריכטיק, ריכטיק! צעפּויקט זיך זיין פינגער אין דער נאַכט אריין.

און קדיי די רייד זאָלן ניט פאַרבלייבן אַ שיינע פראַזע; זעט ער דאָך, ווי די רייד ווערן פאַרוואַנדלט אין מאַיסים.

זעט ער דאָך, ווי עס בויט זיך, ווי עס קומט אויף און צע־וואַקסט זיך, — דאָס גרויסע־גערעכט, צו לעבן, דאָס לעבן.

דאָ גיט אים אַ בליץ זיין געדאַנק, ווי אַ פייערדיקע פראַגע אין כוישעך, — און וואו בין איך פאַר דאָס גרויסע־גערעכט?!

ווייל סטאַם מענטש, בין איך דאָך ניט!

און סטאַם אַרבעטער בין איך אַוואַדע ניט!

פרעגט זיך — וואו בין איך, און וואָס בין איך?!

און זיכער איז, אַז די פינצטערע קנעכטשאַפט האָט נאָך מיין פּאָנים ניט פאַרמעקט און פאַר קיין גוילעם ניט געמאַכט, — פרעגט זיך; וואו בין איך פאַר דאָס גרויסע־גערעכט, צו לעבן דאָס לעבן, אין דער פאַרעם פון מיין געשטאַלט אויף דער ערד?

— סטייטש, העגאַך? — דרייט ער די פינגער אויף צוריק, און כאַקירעט מיט זיך אַליין, — סטייטש, העגאַך? — האָסטו ניט באַנומען דעם לעניניסטישן, נאַציאָנאַלן באַנעם, ווי דאָס רעכט פאַר אַלע נאַציאָנען אין מאַכט פון סאָוועטן.

— נאַ—ציאָ—נען; צעשנירלט ער דאָס וואָרט ווי אַ שנירעלע אַ רויטס; נאַציאָנען, האָבן אַן ערד, און דערנערן זיך פון איר זאַפט, ווי אַ גראָז, ווי אַ בוים, צו גרינען און בליען.

— איז וואָס ווילסטו, העגאַך?

— דאָס גרויסע־גערעכט, וויל איך!

און דאָ בלייבט העגאַך אַ פאַרקאָוועטער, מיט זיין אַזיאַטישער האַרטנעקיקייט, ווי דער אַלטער קנאַי — העגאַך!

— * —

אין דעם זיבעטן מאַי, ניינצן פיר און דרייסיק, צעטראָגט ראַדיאָ די נייעס איבער דער וועלט, צעטראָגן טעלעגראַף־דראָטן:

— בירא־בידזשאַן, דערקלערט פאַר אַ יידיש־סאָוועטישער טע־ריטאָריע.

— בירא־בידזשאַן, צו בויען אַ יידיש־סאָוועטישע רעפּובליק.
און עס הודיען, און הודיען, טעלעגראַף־דראָטן:
בירא־בידזשאַן.
בירא־בידזשאַן.
און ווי אַ בליץ האָט דורכגעבליצט דורך אויגן דאָס געפיל;
— מיר זיינען ניט קיין שטיפקינדער אין לאַנד פון סאָוועטן!
אַרבעטער האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, געטייטלט מיט די פינ־גער;
— אַ—ה—אַ; האָבן אויגן געבליצט און מיילער האָבן זיך צעעפנט ביז די אויערן:
— וואָס האָב איך געזאָגט?
— און וואָס האָב איך געזאָגט!
— ניט קיין שטיפקינדער אין לאַנד פון סאָוועטן!
הענאָך איז שוין יענעם טאָג ניט איינגעשטאַנען ביי דער מאַ־שין; עס האָט אים מיט אַזאַ גוואורע אַ צי געטאָן אין גאַס:
— איז וואָס טראָגט דיך, הענאָך?
— דאָס גרויסע־גערעכט, טראָגט מיך!
טעג קומען, און טעג גייען, הענאָך איז פאַרנומען מיט בירא־בידזשאַן. און ווי צעהעלט און באַרעדעוודיק איז געוואָרן, אָט דער בייזער שווייגער...
— ווען דאָס האַרץ איז פול, טייַנעט ער, מוז שוין דאָס מויל ריידן...
— צי ווייסט איר וואָס דאָס מיינט, צו בויען אַ לאַנד אָן הענד־לער, אָן קרעמער, קליי־קוידעש און שלעק, — פּאַראַזיטן אויף אונדזער לייב און לעבן!
דער אַלטער פּאַסטעך, אַמוס, וואָלט אַזוי געזאָגט:
— קיין נאָווי בין איך ניט, אָבער נוויעס מוז איך זאָגן; — אָט־דאָ־אָ, וועט זיך צעבליען די גערעכטיקייט אונטער דער זון.
—אַי, צי ווייסט איר, צי ווייסט איר? פאַרגייט ער זיך אַזש, און די שלייפן זיינע בליען:
— צי ווייסט איר וואָס עס מיינט, צו בויען אַ מעלוכע, אויף מיידל־ערד?

— צו בויען אַ מעלוכע, אויף קיינעמס אומגליק. און אָט די זכיע האָבן מיר אין מאַכט פון סאָוועטן.

— וואָס פאַר אַ באַרואיקונג איז צו האָבן דאָס געפיל פון זיין; אַזוי מוז פילן אַ בוים באַ אַ קוואַל, וואָס ציט די יעניקע פון דער ערד און טרינקט זון פון הימל.

אַזאַ טיפע אינערלעכע באַרואיקונג האָט העגאַך דערפילט, און פילט אין זיך דעם ווידערגעבורט פון זיין נאַציע. — אַ ריינס, אַ שטאַרקס; וואָס וועט לעבן דאָס לעבן אין דער פאָרעם פון איר אייגן געשטאַלט. און דערנערן זיך אויף דעם זאַפט פון בירא־בידזשאַנער ערד. מיט אַ זון איבערן קאָפּ, וואָס זידט זוניקן זיין, — ניט אָפּגעמעקט צו ווערן פון דער ערד.

און דורך די נעכט, הערט ער קלינגען דעם געקלאַנג פון העק. דאָס געזאַנג פון זעגן — אַ סימפאָניע פון געבוי, צו פאַרפעסטיקן אַ מעלוכע אויף דער ערד; וואו עס וועט זיך, צעבליען און צעוואַקסן, דאָס גרויסע־גערעכט.

# אַ ליכטיקע וועלט

ס׳איז פרילינג אין פּאַרק;
ער זיצט אויף אַ באַנק אונטער צווייגן צעבליטע,
וואָס שנייען מיט בליטן אויף זיין שניי־ווייסן קאָפּ.
און ווי ער זיצט אין זיין עלטער, מיט דעם קאָפּ אַנגעבויגן,
ווי עס וואָלט זיך די עלטער, אין יוגנט פאַרקוקט:
שפּאַנט די יוגנט אויף שליינגל־אַלייען,
זידט און זינגט לאַכט מיט געקלאַנג.
און דער הימל איז בלוי, טיף איז דער הימל,
וואָס זידט מיט זון דעם פרילינג אַראָפּ —
ס׳איז פרילינג אין פּאַרק, ס׳איז פרילינג:
שפּילט דער פרילינג אויף גאָלדענע האַרפן,
טענער פון זילבער. טענער פון גאָלד.
און עס רויכערט דער פּאַרק מיט בלומיקע רויכן,
ווי עס וואָלטן אין הויכן וואואָלן געקנוילט.
און זון וועבט אַריין מיט גאָלדענע שפּיזלען,
גינגאָלדענע פעדים וואָס צימבלען געזאַנג:
שפּילט דאָס לעבן אויף אַלע קיילים.
זוניקן זין, פון זוניקן זיין.
און ער זיצט אין זיין עלטער מיט קאָפּ אַנגעבויגן,
ווי עס וואָלט זיך די עלטער אין יוגנט פאַרקוקט.
און עס גיבן אַ פינקל זיינע גרוי־אַלטע אויגן,
ווי עס וואָלטן זיך אויגן פון טרויער צעקווועלט, —
מיין טאָג איז אַוועק, אָבער יונג איז די יוגנט,
וואָס הויבט אונדזער פאַן פאַר אַ ליכטיקע וועלט.

נ.י. מאַי, 1934

# זויבערע דאַכקעס

די זויבערע דאַכקעס, נורעט זיך דאָ אין הויז, ווי דאָס קעצל אין ליידיקן טעלער, וואָס די ווייסקייט פון דעם פאַר־צעליי דערמאָנט איר, פון מילך. און אַז זי האָט זיך שוין צום ווילפטן מאָל איבערצייגט אַז דער טעלער איז ליידיק, האָט זי זיך אַוועקגע־שאַרט באַ די ווענט פון דער זויבערער קיך און איז דורכגעגאַנגען מיט אירע קעצישע טריט דעם קאָרידאָר אַזוי קלאַנגלאָז, ווי אירע טריט אין שפּיגל וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט.

זי האָט אַ פּרוביר געטאָן מיט דעם קעפּל די טיר, וואָס עפנט זיך ניט; אַ רופגעטאָן אויף איר לאַשן און אַפילע אַ ווײַן געטאָן; אַזוי אַז דער צאַר האָט זיך צעפינקלט פון אירע אויגן, אין אַזעלכע פינקעלעך גלוט איבערן טונקעלן קאָרידאָר; נאָר ווער האָט זי געהערט?

האָט זי אָנגעשפּיצט אירע זילבערנע וואָנצן ווי נאָדלען און אַוועק־געשפּאַנט אין פּראָנט־צימער, איבער אַ פּאַס זון, און איז אַרויף אויפן שטיקל קאָרפּעט וואָס איז נאָך דאָ געבליבן אין הויז; אַ צי געטאָן זיך, אַזוי, אַז איר זילבערנער רוקן האָט זיך אויסגעבויגן אין אַ בויגן, אַ גענעץ געטאָן אַזוי קלאַנגלאָז, ווי אירע שפּיגלדיקע טריט און איז געבליבן ליגן אין אַ קנוילכל, מיט אַ לאַפּקע איבערן אויער, ווי דאָס וואָלט זאָגן, — ווײַ, ווײַ, ניטאָ קיין מילך...

דער זייגער איבערן קאַמין קוקט אַזוי גלאָמפּיש מיט זיין לע־וואָנע־פּאָנים פון אַ שוואַרצער ראַם אַרויס, — שאַ שטיל... און שפּיגלט זיך אין די שייבעלעך פון דער בוך־שאַפע, וואָס שפּיגלען דעם פּאַס זון אויפן זויבערן דיל, דאָס קעצל אין אַ קנוילכל אויפן קאָרפּעט און דעם קאַמין.

איבערן שאַפע, קוקן די פּאַטערס פון דער אַמעריקאַנער רעוואָ־לוציע, פון אַ בילד אַראָפּ, מיט אַזעלכע פּאַטערלעכע אויגן —

אַזאַ זויבערע דאַכקעס, דאָ אין הויז.

זע, ווי עס זויבערט זיך דאָ דער דאַלעס.

די געהאַפטע פאָרהאַנגען, פאַרבלענדן אַזש די אויגן מיט זייער ווייסקייט, אַזוי אַז מען דאַרף זיך טאַקע גוט צוקוקן, צו דערזען אויף זיי אַ לאַטע... און קיין פליגן־פּינטל, ווער מען דאָ ניט געפינען אויף אַ שויב, פאַר אַ רענדל, און די בלומען אין די טעפּ וואָס שטייען אויף אַזעלכע קורצע ביינקלעך בליען אַזוי פּרעכטיק, ווייל קיין וואַ־סער פעלט דאָ ניט אין הויז צו באַגיסן...

ס'איז פרילינג אין גאַס; אַ בוימעלע שטייט אין פענצטער און בליט... ווי עס וואָלט קיינמאָל, גאָרנישט, גאָרנישט ניט געווען...

דער באַלעבאָס פון הויז, דער גרויסער אַרכיטעקט, וואָס האָט טורעמס געבויט, זיצט ערגעץ אין פּאַרק אויף אַ באַנק און ציילט די אָטאָמאָבילן וואָס פאָרן דורך; ווייל עס ווערט דאָך אויך מיעס גלאַט אַזוי זיצן אין פּאַרק, — ציילט ער די אָטאָמאָבילן וואָס פאָרן דורך...

זיין ווייב די באַלעבאָסטע פון הויז, האָט זיך היינט גאַנץ פרי גוט אויסגעוויינט, אויסגעוואַשן די אויגן, אָנגעפּודערט זיך און ווידער־אַמאָל געוויינט... אַזוי אַז פאַר היינט האָבן זיך שוין אויסגענומען די טרערן... האָט זי זיך ווידעראַמאָל געפּודערט, און אָנגעטאָן אַ שוואַרצע קלייד, כ'אָטש ס'איז פרילינג אין גאַס, אַ שטויס געטאָן פאַר קאַעס דאָס קעצל, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס און איז אַוועק אין „רעליף־אָפיס" בעטן הילף.

ווייל ניט נאָר דעם קעצל האָט אויסגעפעלט מילך; נאָר דעם קינד, זייער איינציק קינד, — אַזאַ זוניקע מיידעלע מיט בלויע אייגעלעך; וואָס האָט בעשום אויפן ניט פאַרשטאַנען, וואָרום מען האָט דאָס אויפגעהערט געבן מילך צו טרינקען. און מילך איז אַזוי גוט... אַזאַ זיידן געטראַנק, — וואָס מאַכט קלאָר די הויט און די בעקעלעך רויט; די מאַמע אַליין האָט דאָך איר אַזוי געזאָגט און דאָ גיט זי ניט קיין מילך...

עפּעס ווייס זי גאָרניט לעצטנס, וואָס זי טוט, די מאַמע; אַפילע

שאָקאָלאַד ברייננגט זי דאָך ניט... און קומט עפּעס אָפּ מיט אַזעלכע טירוצים! — יאָ, יאָ, יאָ, די מאַמע זאָגט אויך ליגן!...

אַלע גרויסע זאָגן ליגן!...

דער טאַטע אויך!...

איז זי ברויגעס געוואָרן און דעם „דזשעם" מיט דעם האַרטן זעמל, אויך ניט געוואָלט עסן און איז אַוועק אַ הונגעריקע אין סקול.

— איז וואָס זאָגסטו טאַטע דזשעפערסאָן, דו קוקסט דאָך מיט אַזעלכע פאַטערלעכע אויגן?

און טאַטע העמילטאָן האָט גוט אויסגערעכנט... דער גרויסער אַרכיטעקט וואָס האָט טורעמס געבויט, זיצט אין מיטן העלן טאָג אין פּאַרק און ציילט די אָטאָמאָבילן וואָס פאָרן דורך...

זיין ווייב, די זויבערע זיינע, שטייט אין „רעליף־אָפיס" מיט פאַר־ווינטע אויגן.

דאָס קינד אַ הונגעריקע אין סקול!

# דער פאַרגעסענער

דער אומעט פון הויז האָט אים אין פּאַרק פאַריאָגט; זיצט ער אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים און שווייגט ווי דער בוים, וואָס האַלט זיינע צווייגן צעשפּרייט איבער זיין קאָפּ — צאַר... אומעט... דאַכקעס!

עס ווינקט אַ טורעם מיט פינקלדיקע פייערן און טייטלט צו אים — אַט דאָס איז איינער וואָס האָט געבויט...

און דער וואָס האָט געבויט, גיט אַ קוק; וויפל טעג פון זיין לעבן, ער האָט דאָס אַריינגעהאַמערט אין אים; שטייט ער איצט אַזאַ שאַלצער מיט דעם זילבערנעם קיווער אויף זיין קאָפּ און פינקלט נאָך צו אים, ווי ער וואָלט זיך געגרויסט, אי גערייצט זיך מיט אים — געבויט, האָ? פינקל איך און שיין...

ער גיט אַ פיר די האַנט איבער די אויגן זיינע, און ווי ווייך איז זיין האַנט געוואָרן, ווי דערווידער... וואָס האָט שוין אַזוי לאַנג קיין האַמער ניט געהאַלטן, ווי מען וואָלט גאָר אָן דער האַנט פאַרגעסן, וואָס האָט געבויט!

ערגעץ האָבן אַפילו די וואַשינגטאָן־לייט דערמאָנט אים, — צו קריגן זיין שטים, צי וואָ—ס?...

און אַט זיצט ער, דער פאַרגעסענער, זיצט און שווייגט!

עס גייט פאַרביי עפּעס אַ ספּאָרט און וואַרפט אַוועק פאַר זיינע פיס, אַ־ניט־דעררויכערטן ציגאַרעטל; הויבט ער עס אויף צו דער־רויכערן... און דאָס גליט ווי אַ פייער־פליג אין זיין האַנט, קעגן דעם צעצונדענעם פינקלדיקן טורעם...

ער פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין. אי פאַר דעם ווערק פון זיינע הענט, וואָס שפּאַרט אַזש אָן אין הימל מיט זיין קאָפּ דערהויבע־נעם. פאַלט ער צו, צום ווענטל פון באַנק, פאַרבאַרגנדיק זיין פּאָנים אין די אָרעמס זיינע און שווייגט ווי דער בוים... ווען אַ זעג

וואָלט זיך אַריינגעזעגט אין דעם בוים, ווי עס ריפּעט דער וויסטער
צאַר זיין האַרץ וואָלט דאָך שוין אַפּילע דער בוים ניט געשוויגן...
איז וואָס שווייגט דער מענטש!
און ביז וואַנען וועט ער אַזוי שווייגן!
מען וואָלט באַדאַרפט דורכפירן פאַרביי אים, די אַלע כאַכאַמים
פון דער וועלט; זאָלן זיי זען מיט זייערע אייגענע אויגן. אָנטאַפּן
מיט די הענט, — אַ ברייטשולטערדיקן מענטשן, וואָס האָט טורעמס
געבויט, ווי ער זיצט אַזוי אויף אַ באַנק, מיט זיין פּאָנים פאַר כאַרפּע
און בושע פאַרבאָרגן —
די כאַרפּע און בושע פון דער וועלט!

# דער אַלטער וועכטער מ׳קעי

שטיל אין שאָפּ, שטיל און טונקל;
דורך אַ מאַטער שויב דרינגט דורך אַ שטראַל,
און ווינקט צום וועכטער אויף דער וואַך,
וואָס זיצט ווי אַ סטאַטוע פאַרגעסן פון צייט...
און שאַ און שטיל אין כמורנעם שאָפּ —
די שטילקייט ווי אין אַ טויבן פויק.
ער נויגט אַן אויער און הערט זיך איין,
אין קלאַנג פון האַמער וואָס האָט אַמאָל געהילכט,
און זעט דעם אייוון אַן אָטעם שטיין,
שוואַרץ און בלינד ווי די קויל אין אים.
און וואו דאָס לעבן לעשט זיך אויס,
שטייט דער אייוון אַ פאַרלאָשענער...
ער הויבט זיך אויף און שפּאַנט אַ דורך,
ניט פאַרגליווערט צו ווערן ווי די מאַשינען דאָ.
פאַלט זיין בליק אויף דער צוואַנג־מאַשין,
וואָס האָט אייזן געביסן מיט שטאָלענע ציין,
און שטייט און וואַרט מיט אַ צעעפנט מויל,
אין אייזן אַ בייס טאָן, — שאַרפן אַ צאָן.
שטופּט ער דעם בעזים אין איר צוואַנגען־מויל;
בייס זאָגט ער, נו בייס, נו בייס—ס!...
דאָס טוט זיך אים פון פאַרדרוס וועגן,
פון דעם, וואָס ס׳האָט זיך אים פריער געטראַכט,
ווי די וואַשינגטאָן־לייט האָבן זיין זון פאַרשיקט,
מילכאָמע צו האַלטן אויף יענער זייט יאַם.
און ווי שאָפּ האָט דאַן געפיבערט אין גאַנג,
שיקער פון קלאַנג, ווי אַ צעקלונגענער גלאָק.

און איצט שלאָפט זיין זון אין קייווער דאָרט,
און עס שטומט דער שאָפּ ווי אַ פייגער דאָ.
געלאָזן די מענטשן אויף גאָטס באַראָט,
צו בעטלען ברויט פאַר ווייב און קינד.
און ער דער אַלטער וועכטער מ׳קעי,
האַלט וואַך, און וואַכט, און וואַכט נאָך דאָ.
ער קוקט זיך אָן אין וואַסער־פּאַס,
און זעט זיך אַלט און זעט זיך גרוי —
ווי פון אַ גרויען כאַלעם אַרויס...
שפּייט ער אַזוי אין פּאַס אַריין;
אַט האָסטו דיר, דו איירישמאַן!
אַט האָסטו דיר, דו אַלטער נאַר!
פאַר אויסכאָוועז אַ זון אַ העלד,
אַ זון אַ העלד פאַרן טייוולס מאַכט!

— — — — — — — — — — — — —

שטיל אין שאָפּ. שטיל און שטום!...

# מיין סינע

ס'איז ניט פון דעם גאָלד אין זיין באַנק;
וואָס קלינגט אַגעוו אויס זיין אומקום געקלאַנג —
סאַרפּעט מיין סינע אין מיר.
נאָר דער קליאַק פון מיין געביין,
וואָס רינט אים פון זיין פּאַרצעף אַפּיר,
סאַרפּעט מיין סינע אין מיר.

צו זעכצן יאָר האָט ער מיך אין שאָפּ פאַרנאַרט,
און מיינע יונגע טעג אויסגענאַרט —
גענאָגט מיין גרינען ווי דער וואָרעם אַ בלאַט,
דער פּאַראַזיט וואָס דערנערט זיך פון מיר!
און שפּעטער נאָך אויף מילכאָמע געשיקט,
אויסצופּעכטן פאַר אים אַ זיג,
פון רויב און מאָרד אין רויבער־קריג —
דער פּאַראַזיט וואָס דערנערט זיך פון מיר!
און איידעס זיינען די נעכט, וואָס הערן צומאָל,
ווי עס וואָיען אין מיר נאָך די לעבנס, ווי וועלף פון אַ טאָל;
אַז צעצונדן זאָל ווערן פון מיין סינע דער סאַם,
אויסצעסאַרפן אין אַלוועלטלעכן פלאַם —
דעם פּאַראַזיט פון מענטשלעכן שטאַם!

# אַ קוואַדער

דערוואַכט פון שלאָף, פון טיפוואַלד־כאָלעם:
די באַן יאָגט זיך דורך פינצטערע טונעלן, ציילט די מיילן און דער־ציילט פון אייזן, די לעמפּעלעך, ווי וועלפישע אויגן.

איך טרעט אַריבער די שוועל פון אַ שאַפּ, נעמט מיך איבער אַ געבריל... וואַלד אין מיין געדאַכט, און דאָ דער געבריל... איך זע ווי זיי זיצן און נייען!

ווי אַנדערש האָב איך זיי אין מיין כאָלעם געזען. אַזעלכע גע־זונטע, גוט־מוטיקע, מיט פלאַמיקע אויגן; אַז זיי האָבן גערעדט, האָט זיך ווי אַן אויוון געזשאַרעט, אַז זיי האָבן געלאַכט, האָט בראָנז גע־קלונגען, — געהילכט האָט דער וואַלד מיט זיי.

און אַז ווער פון זיי האָט זיך צום ווייב צוגעכאַפּט, האָבן זיך קערפּערס געקנוילט, האָבן זיך גלידער געפלאָכטן — געבונדן, גע־קניפּט, פון גלידער אַ קראַנץ.

און דאָס וואַכיקע האַרץ איז צוגעפאַלן צום פּאָנים פון דער ערד, אין אַ געזאַנג איבער וואַלד זיך פאַרגאַנגען:

— מענטשן מיינע; גאָט מיינער.

און דאָ זיצן זיי אין קאַמזוילן, גענויגטע, פאַרבויגטע, ווי עס וואָלטן קאַמזוילן געוואָרפן מיט הענט, — רייצן אָן די מאַשינען און זיי ברילן!

עס קוליעט זיך צו אַ ברייטער קאַמזויל, ווי אַ זאַק אויף קור־צינקע פיס, ווייזט מיר אָן אויף אַ מאַשין און זאָגט:

— אַז איך וועל אָוועקזעצן אַ הינטן... זע עס זאָל נייען!

— אַ כאָכמע פון אַ זאַק, טראַכט איך, — אָן אַלטע כאָכמע!

קוקט ער מיך אָן, פּיכעט און פרייכט,ווי ער וואָלט געטריבן פליגן פון די וואָנצעס:

— ביזט מיר, — זאָגט ער, — היינט אויפגעשטאַנען אויפן לינקן זייט, זעט אויס...

— יאָ, יאָ, — זאָג איך, — אויף דער לינקער זייט אויפגעשטאַ־נען — און גיי צו דער מאַשין.

איך טו מיין אַרבעט און ער שטייט דערוויטערט, — אַ זאַק אויף קורצינקע פיס, פּיבעט און פּרייכט, — די זעט קען דעם אָטעם ניט כאַפּן!... דריי איך זיך אויס מיט דעם רוקן צו אים, און איינער קעגן מיר, הויבט אַ קאָפּ איבער אַ מאַשין; דערזע איך זיינע אויגן, — טיפוואַלד, כאַלעם אין זיי...

עס צעהווידעט זיך זיין קאַנטיקע קין, און בייסיק, בייסן זיך אָן זיינע רייד מיר אין אויער:

— פאַרריכט אים די מאַשין, אַז אַ הינטן זאָל אים נייען!

— יאָ, — זאָג איך, — זאָל אים נייען!

דערביי זע איך ווי ער פאַרענדיקט נייען אַ נאָט פון מאַנטל, און נעמט זיך אַרומשערן די ברעגעס; זע איך ווי זיין שער, קייט און קייט, און עסט זיך אים אַריין מיט די הענטלעך אין די פינגער; ברענט דאָס מיך אויף:

— ניט געקאָנט אָנשאַרפן די שער! — זאָג איך.

הויבט ער דעם קאָפּ מיט אַ זאָג:

— איך האָב דען אַ קוואָדער?...

און אַ צונטער קומט אים אָן אין פּאָנים; צעלאַכט ער זיך מיט זיין צונטער אויף מיר. און איך ווער ווי באַשאָטן מיט פונקען, וואָס גליען אויף מיין הויט, שפּיזן זיך אין מיין פלייש, אין מיין געביין אין מיין האַרץ, — רויט, רויט.

ס׳פאַרבלענדט מיך, פאַרבלינדט.

איך גיב אַ רייב די אויגן מיט די הענט, לעשן די פונקען. איך לאָז זיך גיין גיך, גיך, אין לייגג פון שאָפּ, — לעשן, לעשן. און אַ רויטע זאַווערוכע דרייט זיך מיר פאַר די אויגן, — רויט, רויט... די כאַרפּע און בושע אין מיר אַריינגעלאַכט!

איך זעץ זיך נעבן אַ פענצטער, לייג די האַנט אויף די אויגן; זע איך אין מיין געדאַכט, אַ רויטער אין רויטן, — דער גילגל פון זיין רויטן געלעכטער, וויכערט דאָ אַרום און באַפּעלט מיט אַ בליצן־בייטש, און עס זידט אין מיר און זאָגט:

— אַרויס פון דאַנען!

אין גאַס אַרויס!

לאַכט אויס אייער געלעכטער, וועלט אין פּאַנים.

וועלט אין פּאַנים!

און ניט אין דעם פּאַנים פון אַ יאַכיד!

און זיי... ווי זיי וואָלטן גאָרניט געזען, ווי ס'וואָלט גאָרניט, גאָרניט געווען, — זיצן פאַרנויגטע און נייען!

איך דריי זיך אויס, קוק דורכן פענצטער אַרונטער, אַוואַדע פון אַכצעטן גאָרן, — הו, הו, וואָס עס צעטוט זיך דאָרטן... מענטשן, מענטשעלעך, שוואַרצן זיך, שרעטלען זיך, — נישטערן אַ קוואָדער.

קלינגען מיט גלעקעלעך, פייפן מיט מאַשינדעלעך, — אַ קוואָ־דער, אַ קוואָדער...

עס וואָלט דאָך אַ יוישער געווען, דער הימל זאָל זיך אין זילבער פאַרוואַנדלען, אַ דונער זאָל אַ זעץ טאָן און עס זאָל אַ האָגל טאָן מיט קוואָדערס...

וויל זיך דער הימל אין זילבער ניט פאַרוואַנדלען און עס ווילן ניט פאַלן קיין קוואָדערס...

קעגן מיר קוקט איינער, ווי איך, פון אַ פענצטער אַרונטער. דרייט עפּעס מיט דעם צונג, ווי ער וואָלט געשפּיגן...

— איז וואָס שפּייסטו, — זאָג איך, — אַז דאָ דאַרף מען אַ פלאַם טאָן מיט העלישן פייער, אויף אַלץ וואָס פאַרפייניקט אונדזער לעבן דאָ!

און ווי איך קוק אַזוי, קוקט ער צו מיר, ווי עס וואָלט מיין אייגענער שאָטן געווען... און בליקן מיט בליקןריידן זיך דורך:

— אַ גרויל, אַ גרויל, ווי דערנידעריקט, באַליידיקט און פאַר־פייניקט מיר זיינען, — אַ גרויל, אַ גרויל!

איך דערפיל אַן אָטעמען, ווי אַ ווינט ווייען איבער מיין קאָפּ, אַז עס וואַרפן זיך מיינע האָר; דריי איך זיך אויס, — זע איך אַ גוידער בלאָזן זיך איבער מיר און אַ פּיכען אַ פרייכן, — אַ זעגן מיט רייד וועגן אַ מאַשין. זאָג איך: צום טייוול מיט מאַשינען!

צעכאָכעט זיך דער גוידער און דרייט זיך אויס צום שאַפּ:

— דער כעווראַמאַן איז פאַרליבט...

צעהילכט זיך אַ בראָנזיקער געלעכטער, — כאַ־כאַ־כאַ, און

כאַ־כאַ־כאַ, פון פולער ברוסט אַרויס, וואָס פאַרהילכט אין מיר, וועקט אין מיר, — דערוועקט.

איז זע, ווי איינער אין אַ צעכראַסטשעטער העמד בויגט זיך אָן מיט זיין ברייט האַרץ איבער אַ פּרעסער־מאַשין; אַזאַ צעזשאַרעט פּאָנים, און צו מיר געווענדט.

די אויגן גליען און גלעטן מיך אַזוי.

און רעדט צו מיר ווי פון אַ וואַרעמען אויוון:

— אין אַ מיידעלע, שוואַרץ־אייגעלע, — וואָ—ס?

און לאַכט אַזוי האַרציק קלינגענדיק בראַנז, — אַ מענטש, פון מיין כאָלעם אַרויס; עס דערהויבט מיך, דערפרייט.

איך נעם זיך גיין אין גאַס אַראָפּ און זאָג; איך וועל קומען שפּעטער. קוליעט ער זיך נאָך, דער ברייטער קאַמזויל, ווי אַ זאַק אויף קורצינקע פיס:

— וועסטו קומען, וועסטו קומען. ווען ניט, וועט אַן אַנדערער קומען!

איך גיב אַ קוק אויף דעם מיט דער צעכראַסטשעטער העמד:

— איך וועל קומען. איך וועל קומען!

— * —

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך מאַנהעטן געקאָכט און געזאָדן. פון קאַכיקן קעסל האָט געזעצט מיט דאַמף און געבריזגעט מיט „לינדזן“ —

אַ קוואָדער, אַ קוואָדער...

ביז די זון איז איבערן האָדסאָן אין כאַרפּע און בושע פאַרגאַנגען. לאַמפּן האָבן זיך געצונדן און אַ פלאַמיקע פרייד האָט אַרומגעכאַפּט מאַנהעטן.

די לעוואָנע קריכט איבער שפּיצן פון טורעמס, איבער ליכטיקע פינצטערע טורעמס:

— אָט קריך איך. אָט קום איך.

אַ ריזיקער זילבערנער קוואָדער...

אַ פאַרקרימט פּאָנים האָט דעם נאָז אין קאַלנער באַהאַלטן, געבליצט מיט די אויגן, — קרומע בליקן געוואָרפן.

מיט וואָס פאַר אַ פרייד האָט זיך אַרומגעכאַפּט מאַנהעטן. ווי עס וויכערט אוןווירבלט, — פלאַטערט מיט פלאַמען;

אַ קוואַדער, אַ קוואַדער...

— * —

איך גיי אַריין אין סאַבוויי, פאָרן אַהיים, — קלאַנג פון קוואַ־דער, אייזערנער קלאַנג... און די באַן אַ ליכטיקע יאָגט.

ס'יאָגט אַריבער די באַן, אַ באַן מיט צעצונדענע פענצטער, — אַ פאַרבלענדעניש, מענטשן ווי דאָ.

ווען זיי וואָלטן אַזוי באַקעט געשטאַנען — קאָפּ, אויף אַקסל; קאָפּ איבער קאָפּ. און פון הענט איבער קעפּ, פאַרפלאָכטן אַ קראַנץ, — טוי—זנ—ט פּאָ—נימ—דיקער מענטש.

און די לאַמפּן, צעצונדענע, ליכטיקן, לויכטן, — פון מענטשן אַ קראַנץ; ס'פאַרבלענדט מיך, פאַרבלינדט.

איך האַלט זיך אָן אַ האַלטער מיט מיין האַנט איבער קאָפּ און קוק אָן די מענטשן אויפן באַנק; זיצן זיי, ווי צעזאַמענגעוואַקסענע; קעפּ נאָר באַזונדערע, פּענימער טיילן זיך אויס. און ניט אַלע זיינען פריילעך...

איך קוק אויף אַ פּאָר פּענימער. ליכטיקע קעפּ, די אַקסלען צוקן, די מיילער קייען; ווי זיי וואָלטן געוואָלט צעטאַנצן זיך דזשעס... קייען זיי, — דזשעס...

און דאָ דערנעבן קוקט אַ פּאָנים פאַרקלערט, קוקט אין אַ בוך און קייט. קאָנטיק לויטן קייען, — אַ פילאָזאָפיש בוך.

און ווייטער אין ריי, שפּיצט זיך פון ריי אַ בערדעלע אַרויס, און זע ניט קיין פּאָנים; זע איך ווי דאָס בערדעלע שאָקלט זיך, שאָקלט, — טראַכט איך, ווי דאָס בערדעלע האָט זיך איר קין און איר מויל, און דאָס מויל מוז אַוואַדע קייען...

זיי אַלע, אַלע האָב איך היינט געשאָלטן, — געבויין, פון מיין געביין.

דאָס בערדעלע שאָקלט זיך, — יאָ, יאָ, געשאָלטן... איך שעם זיך אין די אויגן צו קוקן.

איך זאָג צו אַ פּאָנים מיט אַ מינע פון זאָגן: — איך האָב דיך געשאָלטן, געשאָלטן.

ענטפערט מיר דאָס פּאָנים: — איך ווייס—ס, און מויכל בין איך דיר מויכל...

איז פאַרוואָס־זשע ביזטו מיר מוחל, — פאַרוואָס?
איך שעם זיך די אויגן צו ווייזן.

נעם איך זיך אָן פאַרן אַלטער, מיט ביידע הענט איבער מיין קאָפּ און קוק דורכן פענצטער אַרויס, — שאָטנס, שאָטנס...

און זע ווי עס לויפן און לויפן די זיילן — גילגולים אין פינצטערן טהום...

און איך האָב גאָרניט געזען, ווי עס שוועבט מיר נאָך דאָס צע־צונדענע פּאָנים פון טהום, — שוועבט נאָך אין לייבג פון טונעל, פאַר כאַרפּע און בושע צעצונדן:

— איך האָב דען אַ קוואָדער?!...

ס'פאַלט מיין קאָפּ אין רעכטן אָרים אַריין, — אַ גרויל, אַ גרויל. ווי דערנידעריקט, באַליידיקט און פאַרפייניקט מיר זיינען — אַ גרויל, אַ גרויל!

און טראָגן וועל איך זיך מיט דעם פּאָנים פון כאַרפּע און בושע צע־צונדן, ביז אין טאָג פון מישפּעט אַריין:

— זעט, — וועל איך זאָגן, — די כאַרפּע און בושע פון פאַר־קויפטן לייב און לעבן אין שאָפּ!

# הונגער נאָך אַרבעט

נאָך לאַנגע וואָכן אַרומגיין אָן אַרבעט און ניט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיך, אַזוי אַז די טעג זיינען ווי פאַרפלויגן אין פוסטקייט, האָט מען ענדלעך אַריינגעקראָגן אַ פּאָר הונדערט קליידער אויפצונייען אין שאַפּ.

שאַפּ איז נאָך שטום. נאָר אין אָפיס אַמפּערט זיך די פּרייז־קאָמיטע מיט דעם באַלעבאָס פאַר דעם פּרייז פון אַ קלייד מעלאָכע־געלט און עס דערטראָגן זיך אויסגעשרייען:

— הערט, הערט, וואָס וויל ער אונדז דאָ איינריידן!

— אַ קאָנטראַקט איז דאָ. דער פּרייז איז באַשטימט. איז וואָס איז דאָ צו ריידן?

— נאָנסענס... זאָל אייך די יוניאָן צאָלן!

— נייט אייך אַליין! — האָסטו געהערט?

— וואָרט נאָר וואָרט, כאַפּט זיך ניט; איר וועט דאָך אונדז ניט איינריידן אַז ס'איז „אַ טרי־סעווענטי־פייוו!"

— וואָ'דען אי'דאָס, וואָ'דען?!

— הערט אויף צו דרייען אַ ספּאָדיק!

— אָט אַ מיוועזן ווי אַ כאַזער אויף הייוון, — קוק אָן די שמאַטע!...

— אַ שמאַטע אי'דאָס?

— וואָ'דען אי'דאָס, אַ קלייד?!...

איינער זיצט אין שאַפּ נעבן אַ פענצטער. דעם קאַפּעליוש אָנגערוקט אויף די אויגן, און איז קלוימערשט אַריינגעטאָן מיט זיין שאַרפער נאָז אין אַ צייטונג און הערט מיט אַלע כושים וואָס דאָרטן קומט פאָר. אַזוי אַז עס מוז זיך אַ זאָג טאָן קוקנדיק אויף אים:

— עס שלאָפט ניט דער וועכטער אויף דער וואַך...

און כאָטש קיין אָמטן נעמט ער ניט אָן, אָט דער שווייגער, וואַכט ער אָבער אַלעמאָל ווי אין הינטערגרונט, ווי עפּעס אַ געהיים־וואָך, וואָס היט אויס פון בייז. און ס׳איז געגוג אַ מורמל פון אונטערן נאָז, מען זאָל דאָס נעמען אין אַכט און טאָקע דורכפירן אָן איניען.

אַ פּאָנים האָט דאָס אַ טונקעלן אַזאַ, וואָס פאַרשאַרפט זיך מיט אַ גאַנץ היבשע נאָז און אויגן גרויע, וואָס ביי אַן אַוולע צעגלאַנצן זיי זיך מיט דעם גלאַנץ פון בלאַנקע מעסערלעך.

זיצט ער איצט ביים פענצטער מיט דער עמעסער קאַוואַנע אויסצוהיטן פון אַן אַוולע און קוקט קלוימערשט אַריין אין אַ צייטונג.

אַ צווייטער לויפט אַריין פון גאַס מיט אַ צעפלאַמט פּאָנים, וואָס דער פראָסט האָט אים אָנגעריבן אַ מאָרדע און פרעגט מיט נאָז און אויגן:

— נו?...

דער גיט אַ וואונק מיט זיין שאַרף נאָז צום אָפּיס, — הערסט דאָך, און דאָרטן האַלט מען זיך נאָך אַלץ אין אַמפּערן; דער באַלע־באָס וויל נאָך אַלץ איינריידן, אַז ס׳איז אַ ביליקערע קליידל, קדיי אַרונטערצורייסן מעלאָכע־געלט.

איינער שרייט אויס:

— וואָס עפּעס אין מיצקעדרינעץ, — „אַ טרי־סעווענטי־פּייוו״!

קומט דערויף אַן ענטפער:

— וואָס זאָל מען טאָן? — ניטאָ קיין פיש, איז הערינג אויך פיש!

— דערציילט עס דער באָבען!

און עס הייבן אָן צו פליען פון דאָרטן אַזעלכע אויסטערלישע ווערטער ווי עפּעס אַ מין אָטעמאַטישע פייגל אויף ספּרונזשינעס.

— זע, זע אַ „ווי־נעק״ מיט „פּאַיפּינג״...

— זע אַ „בעק״...

— און אַ „סליוו־סעט״... אַ סימעלע־גאַנעוו...

דאָס לעצטע קען מען זיך אָנשטויסן, אַז מען מיינט דאָ, אַ גנייוויש נעטעלע, וואָס זאָל זיך ווינציק וואָס אָנזען... און גיי, און מאַך דאָס אַלץ, ווי דער באַלעבאָס וויל, פאַר פינף און פערציק סענט, שוין מיט דעם „בלויען פויגל״...

דער אַריינגעקומענער הערט זיך צו און דערזעט די פּעק סכוירע אויפן טיש, אַז די אויגן רייסן זיך אים אויף, ווי ער וואָלט דאָס איינשלינגען... גיט ער קעציש אַ שפּרונג צום צווייטן:

— עפּשער צעטלען...

יענער ענטפערט מיט אַ בליק, וואָס גיט אַ גלאַנץ מיט דעם גלאַנץ פון מעסערלעך... רוקט שוין דער אַן דעם קאַפּעליוש אויף די אויגן, זעצט זיך אין מאַנטל אויף אַ שטול, זייטיק צום טיש; ציט אויס אַ פוס און דרייט זי אויפן קאַריק... די פּעק פון טיש רעגן אים, ציט ער אַן אַקסל און קוקט אויפן שפּיץ שוך, וואָס ער דרייט אויפן קאַריק...

אין ברייט פון שאָפּ שטייען די מאַשינען דום און שטום. די קאָ־שיקעס צעשטעלט אויף די טישן, די שטולן אין די קאַשיקעס מיט די פיסלעך אַרויף; קוקט אויס די גאַנצע זאַך ווי עפּעס אַ הונדערט־פיסלדיקע כייע, וואָס ליגט ווי אַ פּייגער מיט די פיסלעך אַרויף...

אין אָפיס רעכנט מען עפּעס, הערט זיך פון דאָרטן אַ מורמלען, — איינער לויפט אַרויס, אַ ווייסינקער אַזאַ מיט אַ צעקרייטן קאָפּ האָר, וואָס פלאַמט אַזש, רויכערט און הוסט אַרויס, — אַט אַ „בעס־טעד״!

דער, ביים פענצטער גיט אים אַ צי צו מיט אַ בליק ווי אַ קאָרעסל אויף אַ וואודע און גיט אַ זאָג צו אים מיט פאַרשטשעמיטע ציין:

— וואָס רעדט מען זיך דאָרטן אָן! וואָס מאַכט מען פון זיך כויזעק?!

גיט זיך דער אַ דריי אויס און לויפט צוריק אין אָפיס; געווערט ניט אַ מינוט און זיי קומען אַלע אַרויס פון דאָרטן...

דער באַלעבאָס אַן איבערגעוואַקסענער אַזאַ, אַ צעכראַסטשע־טער, שפּאַנט זיי נאָך מיט אַ קליידל אין האַנט וואָס הייגגט אים אויף איין פינגער. און ווי ער שפּאַנט אַזוי, מיט זיינע העלפאַנט טריט, דערזעט ער דעם, ביים פענצטער; וואַרפט ער אויף אים אַ פינצטערן בליק, אַזוי אַז די זעקעלעך זיינע פון אונטער די אויגן וואָס זיינען פול מיט יאָרן זינד, הויבן זיך אָן צו בלאָזן ווי די פאַנבירן... און גיט אַ זאָג צו אים:

— טאָמער וואָלסטו געפּאָרן אין מאָסקווע, צו געבן דײַנע באַ־פעלן... און נאָך אַ זאַך וועל איך דיר זאָגן, אַז איך בין ניט דײַן טאַטנס מעשׂאָרעס צו קריגן פֿאַר דיר אַרבעט... לעבן דאַרף איך „רענט״ דאַרף איך צאָלן?...

— דאַרפֿט איר, הייסט דאָס, פֿון אונדז מאַכן כּוויזעק מיט אַ „טרי־סעווענטי־פֿיווו״? — פֿאַרט אים אַרײַן אײנער פֿון דער קאָמיטע.

— אַז מען לאָזט פֿון זיך מאַכן כּוויזעק, מעג ער כּוויזעקן... רופֿט זיך אָפּ דער ביים פֿענצטער אויפֿהויבנדיק זיך אַוועקצוגיין. און כאָטש ער האָט קיינעם ניט גערופֿן, שפּאַנען זיי אַלע נאָך אים.

און דער באַלעבאָס בלײַבט שטיין ווי אַ סטויפּ, מיט דעם קליידל וואָס הייגנט אים אויפֿן מינדסטן פֿינגער, ווי אויף אַ טשוואָק...

אין גאָס טרעפֿן זיי זיך מיט נאָך אַרבעטער, וואָס שטייען אין אַ רעדל ביים שאָפּ און טאַנצן אונטער פֿון קעלט, פֿרעגנדיק מיט נאָז און אויגן:

— נו?

— אײַסעך, — מאַכט אַוועק דער ווײַסינקער.

— אין וואָס גייט עס? — פֿרעגט אַן אַנדערער.

— ס'איז אַ „פֿיוור־סעווענטי־פֿיווו״!

— וואָס־זשע וויל ער?

— ער וויל אײַנריידן אַ קינד אין בויך!

— אָט אַ יאָלד, ער פֿרעגט נאָך וואָס יענער וויל?...

— איך זאָג אָבער, אַז מען דאַרף צעטלען, זאָג איך!

— מ'מ'מ'האָט שוין ניט אויף קיין בייגל אויך ניט, האָט מען שוין ניט!

— מ'איז זיך שוין אַליין דערווידער אַן אַ שטאָך מעלאָכע!

און דער וואַכט ווי אַלעמאָל אין הינטערגרונט; קומט ער צו און מורמלט אַרײַן אין רעדל:

— מיט אַזעלכע שיינע רייד וואָלט ניט געשאַדט אַביסעלע ווײַ־טער פֿון שאָפּ — האָ, ווי מיינט איר?...

הויבט מען זיך טאַקע אָן אַרומקוקן און אַנדערע שפּאַנען שוין אָפּילע; דערזעט עס פֿון דריטן גאָרן דער באַלעבאָס, שטרעקט ער זײַן בערישן קאָפּ דורכן פֿענצטער און וואָרטשעט אַראָפּ:

— זאָל ווער אַרויפקומען.

— אַ, זעסטו שוין, — גיט מען זיך אַ ווינק איבער, און אַ פּאָר פון דער קאָמיטע לאָזן זיך גיין אין שאַפּ. די איבעריקע בלייבן שטיין אין אַ רעדל. און ריידן מער אויפן וואונק ווי מיט דעם מויל, אונטערטאַנצנדיק פון קעלט.

דער שווייגער שטייט דערווייטערט, האַלט דעם נאָז פאַרבאָרגן אין קאָלנער, ווי עס האַלט אַן אָדליער דעם שנאָבל אונטערן פליגל און קוקט מיט אַן אויג...

— * —

אויף מאָרגן האָט זיך דער שטומער שאַפּ צערעדלט, און כאָטש מען האָט באַדאַרפט קומען נאָך מיטאָג צו דער אַרבעט איז מען אָבער געקומען אַסאַך פריער; ערשטנס האָט מען אויסגערייניקט די מאַ־שינען; אָנגעאוילט און איבערגעביטן די פאַרזשאַווערטע נאָדלען אויף נייאינקע וואָס בלאַנקען, און ביכלאַל אויסגעפּרובירט די קיילים, — עס זאָל גיין אַ גאַנג.

דער ווייסינקער מיט דעם צעקרייטן קאָפּ האָר, וואָס שטייגט אַרויף טרעפּלעכווייז, זיצט אין ראָג און גיט אַ פּרוביר די מאַשין וואָס מאַכט — טר׳ר׳ר... דרייט ער זיין צעפּלאָמטן קאָפּ אויף ניין; ס׳געפעלט אים נאָך ניט. קריכט ער אונטערן טיש, ציט אַן דעם פּאַסיק ווי אַ סטרונע און גיט אַ פּרוביר נאָכאַמאָל. גיט די מאַשין אַ יאָג ווי אַוועקצופליען, שאָקלט ער איצט דעם קאָפּ אויף יאָ. עס געפעלט אים הייסט עס, און שטעמפּלט צו מיט אַ גראַם, — מיין מאַשינקע זינגט ווי אַ קאַטערינקע...

אַ צווייטער זאָגט: מיין מאַשין פּאַנפּעט אונטער.

אַ דריטער באַקלאָגט זיך, אַז די מאַשין נייט אים אינגאַנצן ניט.

דערהערט דער באַלעבאָס און צעברומט זיך אויף אים:

— דיין מאַשין נייט שוין ווידער ניט!

אַ פרעמדער וואָלט דאָ צעטומלט געוואָרן: די אַרבעטער ריידן אַרויס אַזוי געשמאַק, מיט פולן מויל, — מיין מאַשין. דער באַלעבאָס זאָגט צו אַן אַרבעטער: — דיין מאַשין.

היינט ווער איז דאָ דער באַלעבאָס?

מען נעמט אויסטיילן די בינטלעך געשניטענע אַרבעט, רופט זיך ווער אָפּ אונטערן נאָז:

— מיט וואָס וועט מען זיך דאָ טיילן?

— „דאַטס־רייט״ — שיסט אַרויס דער ווייסינקער, — מ׳וועט זיך שוין טיילן מיט דער „פּידע״!

— נו און די קריכער?

— זיי וועלן נאָכהאַלטן, — ענטפערט אַ קאַל.

— און די שיסער?

— ווער הייסט זיי שיסן!

— רעדסט ווי אַ יאָלד!...

— און איך זאָג, זאָל מען אַרבעטן מענטשלעך און שוין!

— זאָל מען, זאָל מען, — ענטפערט אַ שיסער.

און דאָס האָט געמיינט אַז ער איז מאַסקים.

— איז ווי בלייבט?

— אַזוי בלייבט!

— צעזאַמען איז פריילעכער...

אַזויפיל רייד האָט אַרויסגערופן אַ מורמל אונטערן נאָז, און דאָס האָט געמוזט זיין, דער באַקאַנטער מורמל.

און געבליבן איז מ׳זאָל צוזאַמען אויסאַרבעטן דעם גאַנצן פּאַק און מ׳וועט זיך שוין צעטיילן מיטן לוין, גלייך אויף גלייך.

דער סיכסעך מיט דעם באַלעבאָס, — עס הייסט דער כילעק אין צען סענט וואָס איז נאָך געבליבן היינגען אין דער לופט; וועט מען שוין זען אין דער אַרבעט, ווי עס וועט זיך אויסאַרבעטן.

אין דעם ערשטן האַלבן טאָג האָט טאַקע אויסגעזען, אַז דער באַלעבאָס וועט מוזן צוטראָגן די צען סענט צו אַ קלייד מעלאָכע־געלט. און כאָטש די כעוורע האָבן זיך געוויצלט אַז די הענט זיינען אַביסל צוגעזשאַווערט אין די „זאַוויעסעס״ און עפּעס האָט נאָך בעעמעס צו־געסקריפּעט אין דער אַרבעט, האָט מען אָבער פאָרט געזען, אַז ס׳איז דאָ איבערגעגנוג אַרבעט אין בעגעד.

אויף מאָרגן אָבער האָט מען אַליין ניט געזען, ווי מען איז עפּעס אַריינגעפּאָרן אין דער אַרבעט און מ׳האָט דאָס אָנגעהויבן לייגן קלאַפּטער... ווי די געניטע שווימער אין אַ געוועט; האַנט אין

האָנט, אַקסל, צו אַקסל. און מען שווימט מיט אַזאַ שוואונג, אַז קיין זאַך וועט שוין דאָ ניט אָפּהאַלטן, — דער שטראָם איז שטאַרקער...

די מאַשינען האָבן זיך צעזאַמענגעגאָסן אין איין ריטמישן גאַנג און שטעפּן שטאָך אין שטאָך ווי איין מאַשין וואָלט דאָס געווען מיט אַסאַך נאָדלען, אַזוי אַז ביים איבערבייטן די הענט פאַרשטילן זיי ווי איבערכאַפּן דעם אָטעם. שפּאַרט אָן די שטילעניש אויף אַ רעגע, צוויי, אַז עס צעקלינגט זיך אָן אויער... און לאָזן זיך ווידער אין גאַנג, ווי אַ לויפנדיקער שטראָם, וואָס פליסט און פליסט, מיט ווינט און מיט זון, מיט שפּילנדיקן שוים, ווי אָניאָגן דעם סאָף פון די טעג...

— אָט, וואַריאַטן; איר וועט דאָך צעטראָגן דעם שאָפּ, — קוויקט זיך איינער און איז זיך מעכייע וואָס ער קען דאָ צעפירן די הענט.

דאָס זיידנס פלאַטערט אין אַ זאַווערוכע פון פאַרבן, — שטראָמט און שטראָמט ווי אַ צעבושעוועטער שטראָם; הענט באַוועגן זיך, קעפּ בויגן זיך, פּעמימער מינען זיך — פאַרבלענדט צו ווערן.

דער באַלעבאָס שטייט דערוויילטערט אַ צעשמאָלצענער פון נאַכעס.

— צעהוליעט זיך, האַ?... נו פּרוביר זיי צוימען. אָנו פּרוביר, — רייצט ער זיך מיט וועמען באַ זיך אין געדאַנק. נאָר וועמען ליגט ער איצט אין זינען? די אָנגעזאַפּטע ענערגיע פון אַרומגיין ליידיק, האָט זיך צעפלאָסן איבער די ברעגן... צעשפּילט זיך אויף אַלע קיילים, — הונגער נאָך אַרבעט, — הונגעריק, הונגעריק...

# אַ פּאָר בלויע אויגן

דאָס איז אויך מיר אַ שאָפּ. מיט צוויי פּינצטערע פענצטער — איינע שטאָק בלינד. און אַ כוישעך איז דאָרטן ווי אין אַ קעלער.

די צוויי אויך־מיר־פענצטער, איז מער צו ווייזן אַ גרויע וואַנט, וואָס דערמאָנט אָן אַ טפיסע, ווי צו ווייזן אַז ס'איז דאָ אַ זון אויף דער וועלט.

און די אַרבעטער באַוועגן זיך דאָרטן, ווי עפּעס נאַכט־געשטאַלטן ביים שיין פון די לעמפּעלעך, וואָס באַלויכטן נאָר טיילן פון טישן אין דעם פינצטערן שאָפּ.

איינער שטייט ביי אַ טיש, מיטן פּאָנים צום שאָפּ און דאָס פּאָנים איז באַקאָמעצט, מיט אַ פּעך־שוואַרצער בערדל, און ראַק ער שאַרפט אַ מעסער; שפּייט רוגזעדיק אויפן שאַרפשטייך, און דערביי סמאַליען זיינע אויגן, וואַרפנדיק ביסטרע בליקן, וואָס בליצן אין כוישעך פון שאָפּ. אַז, אַט, אַט, דאַכט זיך; וועט ער דאָ אימעצן שעכטן... ערשט, וואָ—ס? ער שניידט אויס דעם לעדער פאַר די האַנט־טאַשן, וואָס מען מאַכט דאָ. האַלט ער דערפאַר אין איין שאַרפן דעם מעסער.

אַ צווייטער זיצט אויף אַ קיילעכדיקן שטולכל, מיטן רוקן צום שאָפּ, טראָגט אַ געלן ברילן איבער די אויגן, אַזש ער פאַרגעלט זיין פּאָנים, און בייסט עפּעס אַזוי כאַעסדיק מיט אַ צווייגגל: גיט מען אַ קוק, זעט מען אונטערן אַבאַזשור פון לעמפּל, ווי ער טוט אָן שלעסער אויף די טאַשן.

אַ דריטער שטייט אין אַ פינצטערן ווינקל, ביי אַ קעסעלע וואָס קאָכט זיך, אויף אַזעלכע גריניגקע פלעמעלעך פייער, אַזש עס פאַר־גרינט אים זיין פּאָנים. האַלט ער אין איין מישן דאָס קאָכעניש; ווייזט אויס, אַזאַ קליי. טונקט אַ פּינזיקל אין דעם און שמירט עפּעס דאָרטן.

עטלעכע זיצן ביי די פינצטערע פענצטער און נייען אויף די מאַשינען וואָס גראַגערן; קיין פּאָנים זעט מען ניט אַרויס, ווייל די לעמפּעלעך מיט די גרינע אַבאַזשורן, היינגען נידעריקער פון די נעז; זעט מען בוילעט נאָר די בלאַנקע נאָדלען פון די מאַשינען, וואָס טאַנצן אויפן שוואַרצן לעדער, און מען זעט קלאָר די אויס־געבלייכטע הענט, וואָס זיינען באַצויגן מיט אַ נעץ בלויע אָדערן.

עס גראַגערן די מאַשינען, און צומאָל גיט עפּעס אַ ריס די לופט ווי אַ סאָווע אין אַ פינצטערער נאַכט, מיט שטאָלענע קוילעס:

— שמיר אָן די מאַשין! — באַפעלט אַן אַנגעגליט קאָל פון אַ פינצטערן ווינקל.

— דער „זקיינע" וועט שוין ניט העלפן, מ׳זאָל זי אַפילו באַ־שמירן מיט פּוטער! — קומט אַ קאָל אין ענטפער.

— נו, אַ מעלאָכע... נו, אַ מעלאָכע...

מורמלט עפּעס פון אַ סיוועד באָרד אַרויס, אונטער אַ גרינעם אַבאַזשור פון אַ לעמפּל.

און דערצו נאָך דאָס מאָטאָרל, וואָס דרייט דעם וואַל מיט די רעדלעך אונטער די מאַשין־טישן. האַלט אין איין שפּריצן מיט פונקען און פיבערט מיט אַ כאַלאַעס, וואָס מוז אויסדריקלעך האָבן די האַנט פון אַ מעכאַניקער, ווען ניט וועט עס אויסברענען אויף קויל און דאָס עלעקטריש־לעבן אין אים וועט זיך אויסלעשן, ווי אין אַן אויס־געברענט לעמפּל.

און ווי דאָס מאָטאָרל, אַזוי דער שאַפּ, אַזוי דאָס לעבן — פּי־בערט, ווי אין כאַלאַעס.

און אַזוי אָפּט רייסט זיך דאָרטן אַ קלאָלע אַרויס — אַזאַ פינצטע־רע גאַליקע קלאָלע. אַזוי, אַזש ס׳גייט אַריבער אַ סקרוך איבערן לייב. און עס פאַרגייט אין די אויגן, ווי סמאַליענדיקער גרינער סאַם...

איין ליכטיקער פונקט איז אָבער דאָ. ניין, צוויי ליכטיקע פונקטן; די פּאָר בלויע אויגן פון דעם מיידל, וואָס שטייט ביי דעם טיש און פאַרענדיקט די האַנט־טאַשן מיט אַ גלאַנץ, און פּאַקט זיי איין אין קעסטעלעך.

קוקן די פּאָר בלויע אויגן ביים שיין פון לעמפּל; קוועלן און קוואַלן מיט ליכטיקער פרייד — ווי די פרימאָרגנס אין טוי געוואַ־

שענע פון אַ ליכטיקער וועלט. און זיי שפּיגלען אָפּ אין זיך, אַזעלכע טיפע בלויע הימלען.

אַ בינטל זוניקע האָר פאַלט איר אויפן קלאָרן שטערן. גיט זי אַזוי שיין אַ דריי מיט דעם קאָפּ, צו פאַרוואָרפן דאָס בינטעלע האָר. און דערביי גיבן די אויגן אַ בריזג איבערן כוישעך פון שאָפּ.

דער מיט דעם קאָמעץ בערדל שאַרפט דאָס מעסער און בליצט מיט די סמאַליענדיקע אויגן. און דער — בייסט און בייסט די שלעסער מיט דעם צווייגגל: דאָס מאַטאַרל פיבערט אין געדריי, שפּריצנדיק פונקען, און דאָס קעסעלע קאָכט זיך.

דער באַלעבאָס לויפט אַרום איבערן שאָפּ מיט זיין ליסן קאָפּ, וואָס שוועבט אום ווי אַ האַלבע לעוואָנע אין כוישעך און ס'זידט ווי רויכנדיקער גרינער סאַם.

און דאָ קוקן די פּאָר בלויע אויגן, וואָס ליכטיקן און לויכטן, — דערמאָנען אַז ס'איז נאָך דאָ פרייד אויף דער וועלט. אַז ס'איז נאָך דאָ ליבע; צו לעבן אַ ליב־לעבן אונטער אַ בלויען הימל מיט אַ זון איבערן קאָפּ.

און אַז מ'גייט אַרויס פון שאָפּ, גייט מען דורך אַ לאַנגן פינצ־טערן קאָרידאָר; שוועבן זיי נאָך, די אויגן, ווי צו פאַרזיכערן, אַז ס'איז דאָ אַזאַ וועלט מיט שפּרודלדיקער פרייד, — צו פאַרבייטן, אויף דעם פינצטערן לעבן דאָ. אין דעם פינצטערן שאָפּ.

# אין באַן

איך נעם די באַן, פאָרן אין די בערג;
רייסט זיך די באַן דורך אַ פינצטערן טונעל.
אַזוי אַז די באַן ווי די מענטשן אין באַן,
אָטעמען אָפּ, אויף דער ליכטיקער וועלט.
עס שפּרייטן זיך פעלדער, עס שפּיגלען זיך וואַסערן;
שטיבעלעך פרייען זיך מיט וואַלד און מיט פעלד,
און די באַן יאָגט, אַנטרינען צו ווערן,
וואָס ווייטער און ווייטער, אין ליכטיקער וועלט.

וואַקסט אַ בוימעלע אין פעלד אַליין,
אין פעלד אַליין.
דרייט זיך דאָס בוימעלע אין פעלד.
און הויבט זיך אַ באַרג, הימל־הויך,
הימל־הויך.
דרייט זיך און דרייט זיך, דער באַרג,
און לויפט די באַן, דורך גרינעם וואַלד,
אין טיף פון וואַלד.
ווערט אַ סימכע אין גרינעם וואַלד,
אין טיפן וואַלד —
אַ סימכע פון צעהוליעטע בוימער.

אָט אַ וועלט, אַ ליכטיקע וועלט;
לעב און ליב און פריי זיך.
אָט אַ וועלט אַ ליכטיקע וועלט —
דריי זיך רעדעלע, דריי זיך...

קומט מיר אַנטקעגן אַ קוימען פון טאָל,
אַ קוימען פון טאָל...
מיט ווענט געמויערטע הויכע.
זעצט פון קוימען מיט רויך אַרויס,
מיט רויך אַרויס —
מיין ליבינקער לעבן, מיין זיסער...
און די באַן יאָגט אַנטרינען צו ווערן,
אַנטרינען צו ווערן —
שליינגלט ביים האָדסאָן, דעם טיפן;
יאָגט נאָך דאָס בייז, מיין ליכטיקע וועלט,
מיין ליכטיקע וועלט —
וואָס סאָמט מיר מיין לעבן, מיין ליבן.

דאָס בייז יאָגט נאָך, דאָס בייז!
וואָס פאַרשווענדט מיר מיין לעבן פון קוימען אַרויס;
פאַר שווענדער וואָס איך ווער פאַרלענדט!
— דאָס בייז יאָגט נאָך, דאָס בייז!
ווען וואָלט שוין דאָס בייז מיט וואַסער פאַררונען,
ווען וואָלט שוין דאָס בייז אין פייער געברענט!
— דאָס בייז יאָגט נאָך, דאָס בייז!
לאַכט דער האָדסאָן פאַרקייכט זיך מיט שוים,
און איז גרייט מיט זיין וואַסער פאַרטרינקען אין טהוים;
דאָס בייז אין יאָגן, דאָס בייז!
און די מענטשן אין באַן קוקן פאַרויס,
אויף די בערג האָריזאָנטן וואָס שפרייטן זיך אויס,
און עס שפאַנען די בערג — ריזיקע קעמלען,
צו טראָגן די מענטשן פאַרויס.

און איך רייט אויף אַ באַרג אין מיין ליכטיקער וואָר,
ווי אין אַ מייסע פון צויבער אַמאָל.
און די וועלט איז געגרייט,
פאַר די אויגן צעשפרייט —
וואָס וואַרטן זיי נאָך, — די מענטשן אין טאָל!

# אינהאַלט